די

# טהעאריע און פּראַקטיקע

# פֿונ'ם פּועלי ציוניזמוס

פֿון

## ד"ר. דניאל פּאַסמאַניק.

ארויסגעגעבען פֿון די עסטרייכישע פּועלי־ציון.





קראקוי, 1906.

פּרייז: 50 העל. — 60 סענטים — 12 פּענס, — 25 קאפּ', — 12 סענט.—

דרוק פֿון יוסף פֿישער (גראָדגאַססע 62.

# הַקְדָמָה.

---

דער ציוניזמוס איז אַרויסגערופֿען געוואָרען דורך פֿארשיעדענע כּחות און טעמים; פֿון איין זייט האָבען איהם באשאַפֿען די אָביעקטיווע בעדינגונגען פֿון דעם יודישען לעבען, פֿון דער אַנדערער זייט די סוביעקטיווע שטרעבונגען פֿון דער יודישער פֿאָלקס־נשמה. אויף דעם חלק פֿון דער נאַציאָנאל־יודישער בורזשואַזיע און איהרע אידעאָלאָגען איז אויסגעפֿאַלען דאָס גרויסע פֿאַרדיענסט מיט בעוואוסטהייט צו פֿאָרמולירען דעם ציוניזמוס, אויסצואַרבייטען זיין פראָגראַם און די דרכים אויף צו דערגרייכען זיין ציעל. אָבער די ענטוויקלונג פֿונ׳ם ציוניזמוס, ווי פֿון א לעבעדיגער געזעלשאַפֿטליכער בעוועגונג, וועט נאָר דאמאָלס אַרויסגעהן מן הכּח אל הפועל, ווען די בעוועגונג וועט שטענדיג צוציעהען צו זיך אלץ גרעסערע און גרעסערע יודישע פֿאָלקס־מאַסען. נאָר דאַמאלס, ווען דער ציוניזמוס וועט ווערען אַ פֿאָלקס־בעוועגונג, קאנען מיר זיין זיכער, אַז דער רעיון וועט אויסגעפֿיהרט ווערען. און צו מאַכען דעם ציוניזמוס פֿאַר אַ פֿאָלקס־בעוועגונג איז אים שטאַנד נאָר דער פועלי־ציוניזמוס. ווי מיר וועלען זעהן, ליעגט שוין אין דעם נאָמען גופא די האַראַקטעריסטיקע פֿון אָט דער יודישער אַרבייטער־בעוועגונג. פּועלים—גלייכע אינטערעסען מיט די אַרבייטער פֿון דער גאַנצער וועלט, ציוניזמוס—דער קשר מיט דער פֿריי־הייטס־בעוועגונג פֿון דעם גאַנצען יודישען פֿאָלק. די דאָזיגע דאָפּעלקייט ערקלערט אונז ביידע זייטען, די סאָציאַלע און אידעאָלאָגישע פֿון דער נייער בעוועגונג. איינענטליך געפֿינען מיר דעם „דואַליזמוס" שוין גופא אין דעם פּאָליטישען ציוניזמוס, וועלכער איז אין דער זעלבער צייט א נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע, אַנ׳אַלגעמיין־קולטורעלע און אַנ׳עקאָנאָמישע בעוועגונג. די לעזונג פֿון דעם דאָזיגען „דואַליזמוס" וועט זיין אַ לעזונג פֿון איינער פֿון די שווערסטע טראַגעדיעס אין דער מענשליכער געשיכטע.

נאָר בעזונדערס גרויס ווייזט זיך אַרויס דער טראַגיזמוס אין דעם פּועלי־ציוניזמוס. עס האָט זיך צונויפגעפּלאָכטען די רויטע פּאָהן מיט דער בלוי־ווייסער און פון דער פאַרבינדונג איז אַרויסגעקומען אַ גאַרדיאָו׳ס־קניפּעל. פאַר דעם יודישען פּראָלעטאַריאַט פאַר דעם אמת׳ען, ווי אויך פאַר דעם פּאָטענציעלען האָט די געשיכטע אַרויסגעשטעלט די שרעקליך שווערע אויפגאַבע: צו היטען אין איהר גאַנצער ריינקייט די בלוי־ווייסע פּאָהן פון דער ווידערבעלעבונג פון׳ם פאָלק און אין דער זעלבער צייט הויך האַלטען די רויטע פּאָהן פון דעם סאָציאַלען יושר. עס איז דאַרום קיין חידוש נישט, וואָס די יונגע בעוועגונג האָט נאָך נישט געהאַט קיין צייט גובר צו זיין אַלע שוועריגקייטען ביים פאָרמולירען פון איהר וועלט־אַנשויאונג, פון איהר פּראָגראַם; עס איז קיין חידוש נישט, וואָס די איינצעלנע אינדיווידועלע שטימען האָבען נאָך קיין צייט נישט געהאַט צונויפצוגיסען זיך אין אַ שענעם האַרמאָנישען אַקקאָרד,[1] נאָר קיין שום סאָציאַל־פּאָליטישער פּאַרטיי און אויך דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער איז נישט אָהן מאַטערניש אָנגעקומען צו געפינען אַ סינטעז צווישען דער טעאָריע און דער פּראַקטיקע, צווישען שטענדיגע כללים און צייטיגע, צווישען דעם ציעל און דער בעוועגונג. און מיר מיינען גאָר נישט, אַז אונז וועט מיט אַ מאָהל געלינגען צו פאַרענטפערען אַלע שווערע קשיות. מיר גיעבען איצט מיט דער בראשורע אונזערע חברים נישט מעהר ווי אַ פּערזוך, וועלכען זיי דאַרפען גוט אַרומקלערען.

---

I.

## די סבות פון דער טהיילונג אין פּראַקציעס אין דער ציוניסטישער בעוועגונג. אידעאַלאָגישע און עקאָנאָמישע סבות. דער פּועלי־ציוניזמוס איז דער סך־הכל פוןביידע סבות.

נאָך גאַנץ אין אָנהויב, באַלד ווי דער פּאָליטישער ציוניזמוס איז נאָר אויף דער וועלט געקומען, האָט מען אין דעם ציוניסטישען לאַגער שוין געקאַנט בעמערקען אַ דיפפערענצירונג, אַ טהיילונג, וועלכע איז

---

[1]) די ההלטות, וואָס זענען אָנגענומען געוואָרען אויף דעם צוזאַמענפּאָהר פון די פּועלי־ציון אויס דרום־רוסלאַנד 1904, זענען אַזוי פול מיט סתירות, אַז מיר קאָנען זיי בשום אופן נישט האַלטען פאַר אַ התחלה פון אַ גוט ארומגע־קלערטען פּאַרטיי־פּראָגראַם. מיר ייַשלעז נאך וועגען דעם שמיעסען.

קודם כל אַרויסגערופֿען געוואָרען דורך אידעאָלאָגישע סבות: דורך דער מלחמה צווישען דעם אַלטען פֿאַרשימעלטען „יודאַאיזמוס“ און דער נייער לעבעדיגער „יודישקייט“, וואָס האָט אַריינגענומען אין זיך די פֿרישע בלומען פֿון דער אייראָפּעאישער קולטור. אָבער די דאָזיגע מלחמה, ווי יעדע מלחמה, וואָס קומט אַרויס נאָר פֿון אידעאָלאָגישע מאָמענטען, האָט קיין לאַנגען קיום נישט געקאָנט האָבען, און האָט באַלד אָנגענומען אַ אינדיווידועלען האַראַקטער. ווארום די אידעאָלאָגיע, זי מעג אפילו האָבען די ראַדיקאַלסטע טהעאָריע אין דער וועלט, נאָר לאָז מען זי נאָר אָנהויבען דורכצופֿיהרען אין לעבען, קאָן זי ברענגען צו זעהר רעאַקציאָנערע מעשים, וואָס שטעהען אין אַ ווידערשפּרוך צו די אינטערעסען פֿון די מאַסען. די מלחמה האָט פּאַקטיש קיין שום פּאָזי־טיווע רעזולטאַטען נישט געגעבען.

עס איז נאָר געווען אַ גרויסער ליאַרם, אַ ים מיט שענע פֿראַזען, הבטחות אָהן אַ שיעור, אָבער מעשים נישט אַ לעק. די אַלע קאָפּ־דרעהענישען זענען געווען פֿון העכערע עולמות, אָבער זיי האָבען קיין שייכות ניט געהאַט צו אונזער וועלט, צום ווירקליכען לעבען. און דאָ האָט זיך ווידער אַרויסגעוויזען, ווי אמת דער בעוואוסטער כלל איז, אַז די שענסטע אידעע אין דער וועלט קאָן קיין קיום נישט האָבען און קאָן גאָר נישט פּועל׳ן, ווען פֿאַר איהר אויספֿיהרונג וועט זיך נישט נעהמען קיין בעשטימטער קלאַס, וואָס זאָל זיין אין גאַנצען פֿאַראינטערעסירט אין איהר, וואָס זיינע לעבענס־אינטערעסען זאָלען נישט פֿאָדערן איהר פֿערווירקליכונג. די קולטור־מלחמה האָט קיין שום ממשות נישט געהאַט ווארום דאס איז געווען אַ אידעאָלאָגען־מלחמה.

נאָר אַנ׳אַנדער ממשות האָט געהאַט די דיפֿערענצירונג, וואָס דאס לעבען זעלבסט האָט אַרויסגערופֿען. ווארום האָט׳ש די עקאָנאָמישע בעדינגונגען, אין וועלכע די גלות־יודען לעבען, זענען אין דער העכסטער מדרגה נישט נאָרמאַל ווי מיר וועלען שפּעטער זעהען, — האָט׳ש מיר געפֿינען נישט ביי אונזער פֿאָלק די אַלע עקאָנאָמישע גרופּען, וועלכע זענען אַזוי האַראַקטעריסטיש אויסגעבילדעט ביי אַלע ציוויליזירטע פֿעלקער, פֿון דעסטוועגען קאָן מען דאָך נישט לייקענען דעם פֿאַקט, אַז נישט נאָר דער כלל־יודען פֿון דער גאַנצער וועלט, נאָר אַפילו די געטטהאָ־יודען אַליין זענען נישט קיין פּשוט׳ע, גלייכאַרטיגע מאַסע אין סאָציאַל־עקאָנאָמישער הינזיכט, נאָר אדרבא זיי זענען שוין אַ גאַנץ גוט דיפֿפֿע־רענצירטע מאַסע, אמת טאַקי, די סתירות צווישען אונזערע פֿאַרשיעדענע

גרופּפּען זענען נישט אַזוי שאַרף, ווי ביי אַנדערע פעלקער, אמת טאקי, אַז עס איז פאַרהאַן — ווי מיר וועלען שפּעטער באווייזען — אַ גרויסע שייכות צווישען דער ענטוויקלונג פון דער יודישער בורזשואַזיע און דער ענטוויקלונג פון'ם יודישען פּראָלעטאַריאַט. נאָר דאָס אַליין פּראַדעקט נישט די קלאַסען־געגענזעצען צווישען די יודישע פאַבריקאַנטען און די יודישע אַרבייטער. אָט די דאָזיגע סתירות הערען נישט אויף צו עקזיס־טירען, און זייער לעבעדיגע ווירקונג האָט די זעלבע פעולה, ווען אַפּילו ביידע — אי דער פאַבריקאַנט, אי דער אַרבייטער — געהערען צו דער זעלבער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציאָן. ווארום דעם פאַבריקאַנטס אינטערעס בלייבט דאָך פאָרט, אַרויסצוקוועטשען פון דעם אַרבייטער וואָס נאָר פאַר אַ גרעסערען "מעהרווערט", דאָס הייסט וואָס מעהר צו פאַר־קלענערען זיינע שכירות און וואָס מעהר צו פאַרגרעסערען זיין אַרבייטס־טאָג, און דער אינטערעס פון דעם אַרבייטער איז פונקט פאַרקעהרט: וואָס מעהר שכירות צו באקומען און וואָס ווייניגער צו אַרבייטען. די ציוניסטען־פאַבריקאַנטען פון ביאַליסטאָק, לאָדז, וואַרשוי, קאָלאָמעא, לאָנדאָן און ניו־יורק פאַרגעסען אַפּילו אויף א האָר נישט אויף זייערע אינטערעסען, בשעת זיי האָבען צו טוהן מיט יודישע אָדער ציו־ניסטישע אַרבייטער. אָט דאָ ליעגט די סיבה, פאַר וואָס די יודישע אַרבייטער, ווי באַלד זיי זענען נאר אַריינגעטרעטען אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, האָבען זיי גאָר נישט בעדאַרפט זיך אַ סך מפלפל זיין, ווייל דאָס לעבען אַליין האָט זיי דערצו געטריעבען, און האָבען תחילת אינסטינקטיוו, דערנאָך שוין מיט בעוואוסטהייט זיך גרופּירט צוזאַמען, פאַראייניגט און אָבגעטהיילט זיך פון אַלע אַנדערע ציוניסטישע עלע־מענטען.

ובכן איז די גרופּירונג פון די אַרבייטער־ציוניסטען אין אַ בע־זונדערע אָרגאַניזאַציע נישט אַ זאַך, וואָס איז אַרויסגערופען געוואָרען דורך דעם שלעכטען רצון פון עטליכע מענשען, נישט קיין בלינדע נאכ־טהועכץ נאָך דעם, וואָס עס טהוט זיך ביי אַנדערע פעלקער — ווי אַנדערע מיינען און אַנדערע זאָגען דאס אָפען אַרויס. — ניין, זי איז אַ נאַטירליכער רעזולטאַט פון דער עקזיסטירענדער ווירקליכקייט. נישט לאַנג איז מיר אויסגעקומען צו הערען פון אַ רוסישען מורשה, אַז ער האָט איצט חרטה אויף דעם וואָס אַ מאָהל האָט ער אונטערשטיצט פועלי־ציוניסטישע אגודות, אַז מען האט נישט געדאַרפט באשאַפען אַ בעזונדער'ן אַרבייטער־ציוניזמוס, ווארום דער ציוניזמוס איז גלייך פ אַ

אַלעמען, אַ צווייטער, וואָס האָט אַ מאָהל אָנגעמאַכט אַ גרויסען רעש דורך דעם, וואָס ער האָט גענומען אונטער זיין שוט'ן אַלע „דעמאָקראַטישע אַבסטראַקציעס", טענה'ט איצט, אַז מען האָט נישט נעדאַרפט מאַכען פון דעם יודישען פּראָלעטאַריאַט עפּיס אַ מין אָפּגאָט. דאָ זעהט מען בעשיינפּערליך, ווי די מענשען פערשטעהן פּשוט דאָס לעבען נישט און זיי חלומ'ט זיך נאָך אַלץ, אַז דאָס לעבען איז אין זייערע הענד כחומר ביד היוצר, וואָס הענגט נאָר אָב פון זייער איינענעם ווילען.

דער פּועלי־ציוניזמוס איז אָבער אַרויסגערופען געוואָרען נישט נאָר דורך די אינטערעסען פון דער געגענוואַרט. דאָס יודישע פּראָלעטאַריאַט וויל אין דעם ציוניסטישען אידעאַל, וועלכען עס פּערטהיידינט און פאַר וועלכען עס קעמפּפט, אַריינטראָגען זיינע פאַרבעסערונגען, ער סטאַרעט זיך אַרויפצולעגען זיין שטעמפּעל אויף די פאָרמען פון דעם אידעאַל, אַריינצולעגען אין איהם זיין נשמה און, אויף וויפיעל ס'איז נאָר מעגליך, צו פערווירקליכען דעם סאָציאַלען אמת אין דער צוקונפטיגער נאַציאָנאַלער יודישער געזעלשאַפט. מען דאַרף נישט פאַרגעסען, אַז יעדער ניי־געגרינדעטע געזעלשאַפט האָט די מעגליכקייט פון אנהייב אָן צו פערמיידען די אלטע פערשימעלטע פאָרמען און עוואָליוציאָנע נאָרמען, און ביים פעהלען פון אלטע, דורך הונדערטער יאָהרען אָנגעקליעבענע טראַדיציעס קען מען שוין פון אָנהייב אָן זיך נעהמען צו דער פערווירקליכונג פון די פּראָגרעסיווסטע פאָרמען אין דעם געזעלשאַפטליכען לעבען, וועלכע מען איז נאָר ביכולת דורכצופיהרען אין דער בעטרעפענדער עפּאָכע. ווי שיין עס זאָלען נישט זיין די גוטע פּלאַנען פון פערשיעדענע ליעבהאַרציגע „דעמאָקראַטען", פון דעסטוועגען האָט נאָר דער ציוניסטישער פּראָלעטאַריאַט דעם כח אין זיך מיט מוט און מיט ענטשלאָסענהייט צו קעמפּפען פאַר דעם סאַציאַלען פּראָגרעס, ווארום ער קעמפּפט נישט פון מצוה וועגען, נישט פאַר אנדערע, נאָר צוליעב זיך אליין און ווייל צום קאַמפּף טרייבען איהם נישט קיין גייסטיג־זיטליכע מאָמענטען, נאָר פּשוט'ע רעאל־מאַטעריאַליסטישע חשבונות.

אָבער דער פּועלי־ציוניזמוס איז בעשאַפען געוואָרען נישט נאָר דורך עקאָנאָמישע סבות פון דער געגענוואַרט און פון דעם עתיד: ער איז אין דער זעלבער צייט אויך שטאַרק פּעראינטערעסירט אין דער פערווירקליכונג פון דעם קולטורעלען פּראָגרעס אין אלע זיינע פאָרמען, אין אלע זיינע צווייגען. שטעהענדיג אויף דעם קלאַסען־שטאנדפּונקט ביים בעשיצען זיינע עקאָנאָמישע אינטערעסען, מוז ער זיך פון דעסט־

ווענען אויפהייבען צו דער מדרגה פון אלגעמיין פעלקערליכען אידעאל, וואס שטרעבט צום מאָראַלישען און גייסטיגען פראָגרעס, ווארום נאָר מיט דער פערווירקליכונג פון דעם אידעאל וועט ער קענען צושטערען אלע קלאַסען־סתירות. דעריבער מוז דער פועלי־ציוניזמוס זיין דער פער־שפרייטער פון העברעע קולטור־פאָרמען; ער איז דער גרעסטע פיינד פון דער קנעכטשאפט אין אלע איהרע פאָרמען, נישט נאָר אין דער עקאָנאָמישער צורה, נאָר אויך אין דער פאָליטישער, גייסטיגער און מאָראַלישער. אין דעם ענין איז קיין הילוק נישטא צווישען איהם און צווישען אַנדערע קעמפפער פאר'ן פראָגרעס, ביי וועלכע דער קאמפף האָט עטהישע אָדער עסטהעטישע יסודות און טעמים.

אדרבא, דא דארפען זיך פעראייניגען אלע צערברעקעלטע כחות צו איין איינציגען שטארקען שטראָם. נאָך מעהר: די אידעאָלאָגען פון די העברעע קולטור־פארמען וועלען געפינען אין דעם ציוניסטישען פראָלעטאריאט דעם ענערגישסטען פערטיידיגער פון דעם אלגעמיין־מענש־ליכען פראגרעס אין אלע צווייגען פון דעם לעבען און פון דעם געדאַנק. און דערצו דארף מען שוין קיין שום ראיות נישט האבען: דער פראלע־טאריאט שטרעבט דאך צום העכסטען סינטעז פונ'ם פראגרעס, וועלכער איז שוין אין זיך אויך כולל דעם אידעאל פון דעם סאָציאלען יושר. אין דער מורא צו פערליערען דאס כלי־זיין, וואס איז איהם אזוי נויטיג אין דער מלחמה פאר זיינע מאטעריעלע אינטערעסען, וועט דער פראלע־טאריאט זיך מוזען סטארען אויסצונוטצען אל'דאס גוטס, וואס די ציווי־ליזאציע ברענגט מיט זיך.

אלזא זעהען מיר, אז דאס אבטהיילען זיך פון דעם ציוניסטישען פראלעטאריאט אין א בעזונדער ארגאניזאציע איז ארויסגערופען געווארען דורך דאס לעבען אליין, מיר זעהען, אז דאס איז א טובה נישט נאר פאר דעם ארבייטער'ס אינטערעסען, נאר אויך פאר אלע די, וואס קעמפפען פאר דער אדער יענער שפעציעלער פארם פון דעם פראגרעס. זאגען אז דער ציוניזמוס מוז ביי אלעמען האבען די זעלבע צורה — הייסט שטעלען זיך אויף דעם שטאנדפונקט פון א קליינשטעדטילדיגען בטלן, וואס האט אין זיין לעבען אחוץ זיין שטעדטיל גאר נישט אין די אויגען געזעהען און פערשטעהט „על פי שכל" אז די גאנצע וועלט האט די זעלבע צורה, ווי זיין שטעדטיל. יא, דער רעיון איז דער זעל־בער, ער בעקומט אבער אנ'אנדער אויסזעהען ביי פערשיעדענע גרופפען פון אונזער פאלק: א גרויסער הילוק איז פארהאן צווישען דעם

מזרח'יסטישען ציוניסטישען אידעאל און דעם דעמאקראטישען, און נאך א גרעסערער הילוק איז צווישען דעם בורזשואזען און דעם פראלעטא־רישען ציוניסטישען אידעאל. די דרשנים, וואס פראפאגירען דעם גלייכ־פארמיגען ציוניזמוס, האבען א פאלשע ידיעה וועגען די עיקרים פון אונזער בעוועגונג: נעגען זייער אייגענעם רצון ווערט ביי זיי אונזער־אידעאל אליך ענגער און ענגער און ער קאן צום סוף בעקומען א פארם פון א מין צדקה־זאך פאר אנדערע, פאר ארימע און אומגליקליכע. זיי האבען זיך נישט צוגעוועהנט צום רעיון, אז דער ציוניזמוס איז א שטאאטס־שטרעבונג, אין וועלכער עס קאנען זיין פאראינטערעסירט — דורך פארשיעדענע טעמים — אלע קלאסען פון אונזער פאלק: אי דער רייכער, אי דער ארימאן, אי דער פרומער, אי דער פריידענקער, אי דער מזרח—אי דער מערב־יוד, אי דער בורזשוא אי דער פראלעטאריער. דער הילוק איז נאר אין דער מדרגה און אין דעם ערך פון דעם אינטע־רעס. דערפאר מוז דער ציוניזמוס אנעהמען פארשיעדענע פארמען נאך דעם עולם, צווישען וועלכען ער ענטוויקעלט זיך. און ענדליך די בעסטע פון אלע ראיות, אז אונזער מיינונג איז די ריכטיגע איז שוין דער פאקט אליין: דער פועלי־ציוניזמוס עקזיסטירט פאקטיש און וואקסט פון טאג צו טאג, נישט קוקענדיג אויף אלע שוועריגקייטען, מיט וועלכע ער מוז זיך בארען: פון איין זייט די אונמעגליכקייט פריי צו ארבייטען און דאס פעהלען פון א צענטראליזירטער ארגאניזאציע מיט א פעסטען אויסגעארבייטען פראגראם, און פון דער אנדער זייט די ווירקונג אויפ'ן יודישען פראלעטאריאט פון פארשיעדענע אסימילאטארישע סאציאליס־טישע פארטייען.

דער פועלי־ציוניזמוס עקזיסטירט: עס מוז נאר איינגעפיהרט ווערען א סדר אין זיין ארבייט.

איידער מיר וועלען איבערגעהן צו בעגרינדען זיין פראגראם, האלטען מיר פאר נישט איבעריג צו געבען א בילד פון דעם איצטיגען פועלי־ציוניזמוס. ווארום דורך דעם אנאליז פון געגענווארט, וועלען מיר בעסער פארשטעהען די צוקונפט, א פשיטא נאך איצט, בשעת דער פועלי־ציוניזמוס איז נאר וואס פון איי ארויס און געפינט זיך אין דעם פעריאד פון זובעניישען, בויענישען, ספקות און יאושים.

## II.

## די ענטשטעהונג פֿון דעם פּועלי־ציוניזמוס אין ליטא און אין דרום־רוסלאַנד. דער פּועלי־ציוניזמוס און דער בונדיזמוס. שוועריקייטען אין דער טעאָריע און אין דער פּראַקטיקע. שטרייט־פּונקטען. דאָס פֿעהלען פֿון אַחדות.

אין דער ערשטער צייט האט דער ציוניזמוס צוגעצויגען צו זיך מעהר פֿון אַלעמען די קליין־בורזשואַזיע און יענעם טהייל פֿון דעם יודישען פּראָלעטאַריאַט, וואָס האָט זיך נאָך נישט אויסגעוואָקסען אין אַ בעשטימטער פֿאָרם, און וואָס האָט זיך נאָך געהאַלטען אָן די טראַדיציאָנעלע יסודות פֿון דעם יודענטהום. די יודישע ארבייטער, ביי וועלכע עס האט זיך שוין אויסגעאַרבייט דאָס קלאַסען־בעוואוסטזיין, זענען געוועזען פֿון אָנהויב אָן אַריינגעצויגען אין דער בעוועגונג, וואס האט זיי מבטיח געוועזען הילף באלד אָט דאָ, אויף'ן אָרט. ערשט שפּעטער האָט די ציוניסטישע אידעע אָנגעהויבען דורכצודרינגען אין דער ספֿערע פֿון מעהר בעוואוסטע יודישע אַרבייטער. אָבער דאָ באמערקען מיר פֿון אָנהויב אָן צוויי פֿארשידענע שטרעמונגען, וואָס זענען נישט אָבהענגיג איינע פֿון דער אַנדערער: דער פּועלי־ציוניזמוס אין ליטא און דער פּועלי־ציוניזמוס אין דרום־רוסלאַנד האָבען דורכגעמאַכט צוויי פֿארשידענע עוואָלוציעס, וואָס האָבען זיך ווענינ איינגעגעבען איינע אין דער אַנדערער.

אין דער ליטא און אין פּוילען איז דער פּועצ"ס אין אָנהייב געוועזען אַביסעל אונטער דער השפּעה פֿון דעם בונדיזמוס. די פֿאָרלויפֿער פֿון דעם מערב'דיגען פּועצ־ס זענען נישט אַרויסגעגאַנגען פֿון אַ וועלט־אַנשויאונג, וואָס דאָס לעבען גופא זאל דאס אויסאַרבייטען, און ביז צו א געוויסער מדרגה איז פֿאַר זיי דער אַרבייטער־ציוניזמוס געוועזען נישט קיין זעלבסטשטענדיגער צוועק, נאָר אַ מיטעל, דערפֿאַר האָט זיך אויך די טעאָריע פֿון דעם דאָזיגען פּועלי־ציוניזמוס ענטוויקעלט נישט בדרך הטבע, אונטער דער השפּעה נישט פֿון אינווענדיגע, נאָר פֿון אויסערע פֿאַקטאָרען. די פֿיהרער פֿון די דאָזיגע פּועלי־ציון האָבען זייערע גאַנצע כּחות אַוועקגעלייגט אויף דער קריטיקע פֿון דעם בונדיזמוס, און דערביי זענען זיי געפֿאַלען אויף אַ המצאה, אז די בעסטע קלעפּ וועט דער בונד חאַפּען, ווען מען וועט איהם שלאָגען מיט זיין אייגענעם שטעקען. פּאַוואָלינקע האָבען די מערב'דיגע פּועלי־ציון אַריבערגענומען ביים בונד

זיין גאַנצען שולחן ערוך: זיין אַלגעמיינע וועלט־אַנשויאונג, די מאַטעריאַליסטישע אויפפאַסונג פון דער געשיכטע, זיין תורה, אז אין די אינטערעסען פון דעם פאבריקס־פראָלעטאריאט, וואס ער מאכט אויס סך־הכל $2^0/_0$ פון אונזער פאָלק, ליעגען שוין ממילא די אינטערעסען פון דעם גאנצען יודישען פאָלק, האָטש פיער פינפטעל פון איהם זענען נישט מעהר ווי א פאטענציעלער פראָלעטאריאט. און צו דעם דאָזיגען שולחן ערוך האָבען זיי פון דרויסען, ווי עס איז צוגעטשעפעט דעם יודישען נאַציאָנאַליזמוס, דאָס הייסט דעם ציוניזמוס. דערביי איז דער ציוניזמוס געוואָרען א מין שטיף־קינד, ער האָט אָנגעוואָרען זיין גאַנצע חשיבות. דער עיקר פון אַלע עיקרים איז דער היסטאָרישער מאטעריאַליזמוס, און פון דעם ציוניזמוס האָט מען נאָר דאָס איבערגעלאָזען, וואס האט נישט (חס ושלום!) אויף זיך קיין חשד פון א סתירה צום מאַטעריאַליזם. אַזוי איז געבוירען געוואָרען אַ נייער מין אָפּאָרטוניזמוס: די זעלבע אַגודות, וואָס האָבען פריהער אַ סך צייט אָבגעגעבען אויף דער פראָפּאַגאַנדע פון דעם נאַציאָנאַל־יודישען אידעאַל צווישען אַרבייטער, האָבען זיך פּאַקטיש אַלײן נעהענטער צוגערוקט צום בונדיזמוס און האָבען אַנגעהויבען קוקען אויף דעם שטרייק און אויף דעם קאמפף מיט דעם צאַריזמוס, ווי אויף דעם הויפּט־צוועק פון זייער עקסיסטענץ. דערביי זענען נאָך די דאָזיגע אַגודות זיצען געבליעבען צווישען צוויי שטוהלען: זייער ציוניסטישע ארבייט איז שוואַך געוואָרען, אָבער פון דער אַנדער זייט זענען זיי געווען צו וועניג ראדיקאל אין זייער עקאָנאָמישען און פּאָליטישען קאַמפף. דערפון איז אָט וואָס אַרויסגעקומען: אין דעם ציוניסטישען לאַגער האָט מען ווייניג וואס געגלויבט די פּועלי ציון איבער זייער הינקעדיגען ציוניזמוס, אין אנדערע קרייזען האט מען זיי חושד געווען, אז זיי זענען צו וועניג ראדיקאל. מכּח די מערב'דיגע פּועלי ציון פון יענער צייט קאָן מען זאָגען דאָס זעלבע, וואס מאַרקס האָט געזאָגט איבער פּרודאָנ'ען: די ציוניסטען האָבען געהאלטען די פּועלי ציון פאַר גוטע ראדיקאלען, אָבער פאַר שלעכטע ציוניסטען, און אַנדערע קרייזען האָבען זיי געהאַלטען פאַר שוואכע ראדיקאַלען, אָבער פאַר ברענענדיגע נאַציאָנאַליסטען. און מען מוז זיך מודה זיין, אז די דאָזיגע פּועלי ציון אַליין האבען געפיהלט די אונקלאַרקייט פון זייער לאַגע.

איבער אָט די אלע סבות האט די דאָזיגע בעוועגונג נישט געגעבען קיין גלענצענדע רעזולטאטען: זי האט נישט דורכגעדרונגען אין די

ברייטער מאַסען פֿון דעם אַרבייטענדען יודענטום. ערשט שפּעטער, אַ קורצע צייט פֿאַר׳ן זעקסטען קאָנגרעס, הויבט אָן דער ציוניזמוס, געוואלטיג צו בעהערשען די מוחות פֿון דעם יודישען פּראָלעטאַריאַט נישט נאָר אין מערב, נאָר אויך אין דרום פֿון רוסלאַנד. אָט די בעוועגונג איז געוואקסען פֿון טאָג אויף טאָג, פֿון שעה אויף שעה, און דאָ זענען שוין די יודישע אַרבייטער געווען נישט קיין אָביעקטען, נאָר סוביעקטען פֿון דער בעוועגונג; זי איז ענטשטאַנען נישט דורך נאָכמאַכען אַנדערע, נאָר אונטער דער השפּעה פֿון דעם לעבען, וואָס זיינע טענדענציעס, חאָטש די מאַסע האָט זיי נאָך נישט גאַנץ קלאָר פֿערשטאַנען, האָבען דאָך געטריעבען דעם יודישען פּראָלעטאַריאַט צו זוכען נייע וועגען, וואס אונטערשיידען זיך פֿון דעם בונדיסטישען וועג פֿון איין זייט און פֿון דעם אַלגעמיין־ציוניסטישען וועג פֿון דער אַנדער זייט.

די יודישע אַרבייטער־מאַסע, געטריעבען דורכ׳ן לעבען, איז מיט אַ מאל שטעהן געבליעבען פֿאַר זעהר אַ שווערען פּראָבלעם: צו שאַפֿען אַ האַרמאָנישע פֿעראייניגונג צווישען דער נאַציאָנאַלער בעפֿרייאונג און דעם סאָציאַלען קאַמפּף. די לייזונג פֿון דעם דאָזיגען פּראָבלעם איז נאָך דורך דעם געווען מורא׳דיג שווער, וואָס זי האָט געמוזט זיין אָריגינעל, נישט געראָטען אין קיין שום אַנדערע לייזונגען, שוין פּשוט דערפֿאַר, ווייל נאָר דער יודישער פּראָלעטאַריאַט, צום ערשטען מאָהל אין דער געשיכטע פֿון דער אַרבייטער־בעוועגונג פֿון דער גאַנצע וועלט, האָט זיך געמוזט אַוועקשטעלען פּנים אל פּנים פֿאַר אַזאַ מין פּראבלעם. ער האָט זיך נישט געקענט לערנען ביי אַנדערע, ער האָט געמוזט עפּעס בעשאַפֿען אַליין מיט זיינע אייגענע כּחות. ס׳איז קיין חידוש נישט, וואָס איהם האָט זיך נישט איינגעגעבען מיט אַ מאָל צו געפֿינען אַנ׳אָרגאַנישער לייזונג. ער האָט זיך בעפֿריעדיגט מיט אַ ריין מעכאַנישער לייזונג פֿון דער פֿראַגע. ווי אַרבייטער, האָבען די דאָזיגע מאַסען אָנגענומען דעם גאַנצען מאַרקסיסטישען באַגאַזש, אין זיין פֿאַרטיגער פֿאָרם, ווי ער האָט זיך אַרום זיי אויסגעאַרבייט, און ווי יודען האָבען זיי ארויסגעשטעלט די ציוניסטישער פֿאָדערונג פֿון אַ לאַנד. נאָר אַזוי ווי דאָס פּראַקטישע לעבען האָט זיי געגעבען מעהר מאַטעריאַל און מעהר מעגליכקייט אויף צו אַרבייטען אין סאָציאַליסטישען זין, און זעהר וועניג אויף צו אַרבייטען אין דעם ענין פֿון דערגרייכען אַ טעריטאָריום, האָט זיך ממילא אַרויסגעוויזען אַזאַ מין רעזולטאַט: דער גרונד־אידעאַל פֿון דעם ציוניזמוס האָט זיך פֿאַמעלינקע פֿאַררוקט אין

אַ ווינקעלע און אַלץ שטאַרקער און שאַרפֿער האָט זיך אַרויסגערוקט
די פּאָליטיש עקאָנאָמישע זייט אי אין זייער טעאָריע, אי אין זייער
פּראַקטיקע. דער נאַציאָנאַלע מאָמענט פֿון זייער פּראָגראַם האָט זיך ווי
מיט אַ שלייער פֿערדעקט, און ס'איז כּמעט מעהר גאָר נישט געבליי־
בען, ווי דער עקאָנאָמישער מאָמענט. עס איז בעשאַפֿען געוואָרען
אַ בעזונדער סאָרט ציוניזמוס: אַנ'עקאָנאָמישער, וואָס ער איז
אויפֿגעבויעט געוואָרען אויף איין איינציגען—אמת, אַ גאַנץ ריכטיגען—
פֿאַקט: אויף דער אונמעגליכקייט פֿון אַ נאָרמאַלער פּראָלעטאַריזאַציע
פֿון די ברייטע יודישע מאסען. אָבער אגאנצע אידעאַל פֿון א גאַנצען
פֿאָלק אָדער פֿון א גאַנצען קלאַס קען נישט אויפֿגעבויעט ווערען
אַליין אויף אַ נעגאַטיווען מאָמענט און מעג ער נאָך זיין ווי גרויס,
און מעג ער זיין נאָך ווי וויכטיג פֿאַר'ן לעבען פֿון דעם דאָזיגען פֿאָלק
אָדער קלאַס. דער פּועלי־ציוניזמוס האָט געפֿיהלט נאָך איצט אויך, אַז
עס פֿעהלט איהם אַ פּאָזיטיווע בעגרינדונג פֿון זיין פּראָגראַם; ער קען
אָבער איצט נישט ריהרען מיט קיין אֵבר דורך זיין גענענוואַרטסאַרבייט
און דורך זיין אלגעמיינע וועלטאַנשויאונג, וואָס ער האָט זי אויסגעבאָרגט
ביי אַנדערע, האָטש ער זעהט קלאָר, וואָס פֿאַר אַ גרויסער חילוק עס
איז צווישען דער לאַגע פֿון דעם יודישען פּראָלעטאַריאַט און דעם
פּראָלעטאַריאַט פֿון א וואָס'ער עס איז אנדער פֿאָלק.

אָט די אַלע סבות האָבען געפֿיהרט דערצו, אז נאָך איצטער
אויך ליידט דער פּועלי־ציוניזמוס דורך דער אונקלאָרקייט פֿון זיין טעאָריע
און דעם שאָקלען זיך פֿון זיין פּראַקטישען פּראָגראַם. דאס לעבען
אָבער וויל נישט וואַרטען, מיט זיין עלעמאַנטאַרער קראַפֿט בעשאַפֿט ער
טויזענדער גרופּען צווישען די יודישע ארבייטער מאַסען, ער גיט זיי קיין
צייט נישט צו בערוהיגען זיך אויף דאָגמאַטישע פֿאָרמען וואָס אַנ־
דערע האָבען אויסגעאַרבייט, ער נויטיגט זיי צו זוכען נייע. מען קען
זאָגען, אז יעדער גרופּע האָט זיך איהר טעאָריע, איהר פּראָגראַם. אין
דער לעצטער צייט איז צוגעקומען נאָך אַ שטרייט פּונקט: טעריטאָריום
אדער פּאלעסטינא. אָט איז אַייך א ביישפּיעל פֿון דעם בלבול המוחות,
וואס הערשט ביי פּועלי־ציוניסטישע טעאָרעטיקער, לכל הפּחות ביי
א טהייל פֿון זיי: פֿון איין זייט איז נאָר דער היסטאָרישער מיליטער־
ריאַליזמוס אליין פֿעהיג צו בעגרינדען דעם ציוניזמוס בכלל און דעם
פּועלי־ציוניזמוס בפרט, און פֿון דער אנדער זייט... „האָבען די וויכוחים
געוויעזען, אז עס עקסיסטירט א חילוק הדעות מכּח דער ראָלע פֿון דער־

אידעאָלאָגיע", און דאס בעזאלצט מען נאָך מיט א הוספה, אז דער דאָזיגער חילוק הדעות שפּיעגעלט זיך אָפּ אין די ויכוחים פון דער מארקסיסטישער ליטעראטור בכלל. נישט אנדערש ווי די מענשען פערמאכען בכיון די אויגען, כּדי זיי זאלען נישט זעהען, אז דער מארקסיזמוס פון קויטסקי'ן און דער רעוויזיאניזמוס פון בערנשטיין'ען האבען גאר נישט קיין געמיינזאמען טעאָרעטישען באָדען, אז דאָס זענען צוויי פערשיעדענארטיגע וועלטאנשויאונגען [1]. אנשטאט צו בע־גרינדען זיין וועלט־אנשויאונג אויף פאַקטען פון דעם פערגאנגענעם און איצטיגען לעבען פון זיין פאלק, געדענקענדיג, אז די עוואלוציאן פון דעם יודישען פאלק איז אין גאנצען אנ'אָריגינעלע, וואס א צווייטע צו איהר געפינען מיר נישט ביי קיין שום פאלק אז אפילו קויטסקי האט געמוזט מודה זיין, אז „אין דער היסטארישער ענטוויקלונג האט די יודען געטראָפען א שיקזאל, וואס קיין שום אנדער פאלק איז דאס נישט אויסגעקומען צו איבערלעבען, — דאס איז זייער פערטרייבונג פון זייער אייגענער היים" און אז די יודען „זענען דאס איינציגע פאלק, וואס ביי איהם פעהלט דער עלעמענט פון ערדארבייטער" [2]) — האט דער פועלי־ציוניזמוס אָט די אלע מאָמענטען פערגעסען און גענומט צו א גרייטע טעאָריע" „a priori', און דערנאך סטאַרעט ער זיך ווי עס איז אריין־צושפּארען די פאקטען, זיי זאלען פאסען צו דער דאָ־זיגער טעאריע. ס'קומט אויס נאַנץ קאָמיש: אין דעם ערשטען פונקט פון זייערע ההלטות רופען זיי אוים, אז דער היסטארישער מאטעריא־ליזמוס איז די איינציגע ריכטיגע טעאָריע, און טאַקי אויף'ן אָרט, שוין אין דעם צווייטען פונקט פיהרען זיי אריין בגנבה פסיהאָלאָגישע מא־מענטען ביי דער בעשטימונג פון דעם בעגריף „נאציאן". ס'איז פונקט מיט אלע פיטשעפּקעס, ווי ביי די גרויסע בונדיסטישע טעאָרעטיקער, וואס פון איין זייט זענען זיי זעהר „ארטאדאקסאל", פון דער אנדער זייט האבען זיי בעשאפען עפּעס אמין אָפּגאָט פון „אנ'אַבטאנאמנער קולטור" אדער „א קולטורנער אבטאנאמיע", וואס הענגט ערגעץ אין דער לופטען.

און אזוי ווי מיט דער טעאָריע, אזוי איז מיט דער פראקטישער ארבייט. אויך די לעצטע האט זיך ארויסגעשטעלט נישט ווי א רע־

[1]) ערוואַרד בערנשטיין: פון איינעם טאָרטגעזאַגטען. סאָצ. מאָנאטסהעפ־טע 1905, נומ. 6, זייטע 495.

[2]) קאַרל קויטסקי: קישינוב און די יודען-פראַגע.

זולטאט פֿון א סיסטעם, וואס איז גוט ארומגעקלערט און וויסענשאפֿטליך בעגרינדעט, נאר ווי א משמש, וואס איז אפֿט אנגעוואר־פֿען געווארען דורך ריין אויסערע פֿאקטארען, וואס האבען נאר געהאט א צייטיגען, דורכגעהענדען כאראקטער. דערפֿאר האט מען אין איין ארט געקוקט אויף דער פאליטישער ארבייט ווי אויף א צרה, וואס מען מוז זי אויס־שטעהען, און אין אנ'אנדער ארט — ווי אויף דעם עיקר פֿון דער גאנצער פראקטישער ארבייט.

אָט אזא מין שאקלען זיך האט מען געקענט בעמערקען אין אלץ: אין זייערע פֿערהעלטניסען צו אנדערע פארטיעס, צו דער אל־געמיין־ציוניסטישער ארגאניזאציע, צום צוועק און צו די מיטלען.

און פֿון דעסטוועגען, ביי אלע זיינע פֿעהלער, זעהען מיר, ווי דער פראלעטארישער ציוניזמוס צגיעסט זיך מיט ברייטע הוואליעס איבער אלע עקען און ברענגען נישט נאר פֿון דער „טשערטא", נאר אויך פֿון אלע יודישע צענטערס. דער פועלי־ציוניזמוס האט ארומגענומען נישט נאר די יודען אין רוסלאנד, נאר אויך אין גאליציען, לאנדאן און ניו־יארק. די בעוועגונג וואקסט אזוי שטארק, אז אונזערע שונאים האבען זיך א חאפ געטהון פֿאר די לעצטע מיטלען אויף צו פֿערהאלטען איהם: אין זייער אהנמאכט טרייסטען זיי זיך דער מיט, וואס „דער ציוניזמוס צולייגט זיך". אבער ווען ער האלט זיך אין דער אמת'ן צולייגט, האלטען זיך אונזערע בונדיסטען איבער איהם אזוי פיעל דעם קאפ נישט געבראכען.

דער פראלעטארישער ציוניזמוס האט אין זיך אזוי פיעל לעבעדיגע כחות, אז ער האט געקענט ביז איצט אריבערטראגען דאס פֿעהלען פֿון א שטרענגען וויסענשאפֿטליכען פראגראם און פֿון א שטרענגע לאגישער טאקטיקע. נאר אויב ער וויל גאראנטירען זיין ווייטערדיגע ענטוויקלונג, אויב ער וויל גאראנטירען זיין ווייטערדיגע ענטוויקלונג, אויב ער וויל ווערען די שטארקסטע קראפֿט אין דעם יודישען פֿאלק, מוז ער זיך סטארען וואס גיכער אריין צו ברענגען קלארקייט און בעשטימטהייט אין זיין טעאריע אי אין זיין פראקטישער ארבייט.

## III.

### דער פּועלי־ציוניזמוס און דער מארקסיזמוס. די קריטיק פֿון דעם היסטארישען מאטעריאליזמוס. די געגענזייטיגע ווירקונג פֿון עקאָנאָמישע בעדינגונגען און פֿון דעם מענשליכען גייסט. די קריטיק פֿון די הויפּט־כללים פֿונ'ם מארקסיזמוס. די וועלט־אַנשויאונג פֿון דעם פּועלי־ציוניזמוס.

אי דער מאַטעריאַליסטישער, אי דער אידעאַלאָגישער פּירוש אויף דער געשיכטע—ביידע ליידען פֿון דעם זעלבען חולאת: פֿון דער איינזייטיגקייט, און דערום קאָנען זיי ביידע נישט אָנגענומען ווערען. מען קאָן נישט האַלטען אַן'עקאָנאָמישע ערשיינונג נאָר פֿאַר א מאַטעריאלנער; זי איז א סאָציאַלע ערשיינונג, און אַלס אזעלכע האָט זי אין זיך אייגענשאַפֿטע אי פֿון פֿיזישע, אי פֿון אָרגאַנישע, אי פֿון פּסיחישע ערשיינונגען... יעדער עקאָנאָמישע ערשיינונג איז צו דער זעלבער צייט אויך אַ אידעאָלאָגישע, יעדער אידעאָלאָגישע ערשיינונג איז אויך אַ מאַטעריאַלנע; זיי ביידע ווערען באַשאַפֿען דורך אַ זיווג צווישען דער סביבה און דער בעפֿעלקערונג.

דע־גרעעף. סאציאלע עקאנאמיע 1904 זייטע 6.

יעדער געזעלשאַפֿטליכע בעוועגונג איז א פּראדוקט פֿון דער געשיכטע: די געגענוואַרט איז שטענדיג א רעזולטאט פֿון דער פֿערגאנגענהייט. אין דעם זין איז די געזעלשאַפֿטליכע ענטוויקלונג א פֿאַטאלישע, פֿון פֿריהער א בעשטימטע. אבער פֿון דערויף איז נאך להלוטין נישט געדרונגען, אז די געזעלשאַפֿטליכע ענטוויקלונג געהט פֿון זיך אליין אטאמאטיש, אהן א ווירקליכער השפּעה פֿון מענשען. אפֿילו דער מארקסיזמוס איז מודה, אז די בעוואוסטע מענשליכע טהעטיגקייט האט א גרויסע בעדייטונג: מענשען קאָנען א השפּעה האבען אויף דער צוקונפֿט, אבער נאר דעמאלט, ווען זיי פֿארשטעהען די פֿערגאנגענהייט און די געגענווארט. אט דאס פֿארשטעהן, אדער בעסער געזאגט די דאזיגע ערקלערונג פֿון דער גאנצע רעוואלוציאן פֿונ'ם געזעלשאַפֿטליכען לעבען, ניט זיך ארויס אין דער וועלט־אנשויאונג פֿון די מענשען, און אויף דעם פֿונדאמענט ארבייט זיך אויס א געזעלשאַפֿטליכער אידעאל.

דאס הייסט עס ווערען אנגעמערקט דער צוועק און די מיטעל אויף צו דערגרייכען איהם. אויף אזא מין אופן פאלען צוזאמען די וועלט־אנשויאונג פון די מענשען מיט זייער היסטארישען קוק. דאס לעצטע קאן, פערשטעהט זיך, געבויט ווערען נאר אויף א גרינדליכער פארשונג פון אלע פאקטארען פון דער פערגאנגענהייט אי פון דער געגענווארט, פון אלע אופנים פון דער געזעלשאפטליכער סטאטיקע און דינאמיקע.

א וועלט־אנשויאונג קאן זיך ארויסווייזען פאר פאלש, ווען זי האט נישט געהאט אין זינען אלע פאקטארען. א יודישע געזעלשאפט־ליכע בעוועגונג מוז זיין א רעזולטאט פון דער יודישער געשיכטע. און ווי באלד אזוי מוז זיך איהר גייסט ארויסגעבען אין א וועלט־אנשויאונג, וואס זאל בעגרינדעט ווערען דורך אלע פאקטען פון דעם אמאליגען און דעם איצטיגען יודענטהום. ובכן מוז די וועלט־אנשויאונג פונ׳ם פועלי־ציוניזמוס, ווי פון א יודישער בעוועגונג, בעגרינדעט ווערען דורך א גענויער חקירה איבער דער גאנצער טויזענדיאהריגער עוואלוציע פון אונזער פאלק, און דערביי, פארשטעהט זיך, מוז די דאזיגע פארשונג באריהרען אלע זייטען פון זיין לעבען: די עקאנאמישע, פאליטישע, גייסטיגע און נאציאנאלע.

מיר מוזען, ליידער, קאנסטאטירען, אז דער ציוניזמוס האט נאך בכלל ביז איצט נישט קיין היסטארישע פערספעקטיווע. מיר ריידען שוין נישט וועגען דעם וואולגארנעם ציוניזמוס, וואס זיין גאנצע פילא־זאפישע בעגרינדונג ליעגט אין די פאגראמען, נאר אפילו דער גאנצער אפיציעלער ציוניזמוס ברענגט אליך ראיות נאר פון דעם איצטיגען מצב פון אונזער פאלק, און פארנעמט זיך זעהר וועניג מיט דער דינאמיקע פונ׳ם יודענטום [1]. און נאר דערמיט קאן מען ערקלערען די פארשיעדענע ספקות מכח דעם אינהאלט און דעם שטח פון דעם ציוניסטישען אידעאל; דורך דאס פעהלען פון א היסטארישער פערספעקטיווע איז צום טהייל אויך צו ערקלערען, ווי מיר וועלען ווייטער זעהן, די געבורט פון דעם טעריטאריאליזמוס. פון דעם חטא איז אבער אויך דער פועלי־ציוניזמוס נישט פריי: אויך ער קאנצענטרירט זיינע גאנצע כחות אויף דעם אנאליז פון דער איצטיגער יודישער לאגע. על כל פנים געהט ער נישט ווייטער

[1]) אויסנאהמען זענען נישט קיין סך, דער היסטארישער שטאנדפונקט איז ענטוויקעלט, צווישען אנדערע, ביי משה העס׳ן אין זיין בוך „רוֹם און ירושלים" און ביי מארגאלינ׳ען: „די הויפט־שטרעמונגען אין דער געשיכטע פונ׳ם יודישען פאלק".

פֿין די לעצטע 40—50 יאהר. ביי אזא מין שטעלונג פֿון דער פֿראג: זענען דא קלאֵין־קשיות אויף יעדען שריט און טריט: מען קען ד געגענוואַרט נישט פֿערשטעהן, ווען מען איגנארירט די פֿערגאנגענהייט. דער פּועלי־ציוניזמוס קען זיך אבער מיט איין זאך פֿערענטפֿערן: ער שיקט זיך אויף דער היסטארישער פֿילאזאפֿיע פֿונ׳ם מארקסיזמוס, אויף דער מאטעריאליסטישער אויפֿפֿאסונג פֿון דער געשיכטע. דאס איז אבער א קנאפּער תּירוץ. צו דען האט זיך עמיצער געפּרובט דורכצוקוקען צו די דאזיגע היסטארישע פֿילאזאפֿיע שטעהט צו צו דער יודישער געשיכטע, צו דער געשיכטע, וואס, נאך קויטסקי׳ס מיינונג, געפֿינען מיר צו איהר קיין גלייכען נישט אין א געשיכטע פֿון אנ׳אנדער פֿאלק? צו האט מארקס אליין דאס געפּרובט צו טהון? אויף וויעפֿיעל מארקס האט זיך פֿערנומען מיט דער יודישער פֿראגע, האט ער זי אסימילאטאריש פֿער־ענטפֿערט און נישט ציוניסטיש [1]). אין דער אמת׳ן האבען די פּועלי ציון אנגענומען דעם היסטארישען מילטעריאליזמוס אויף נאמנות, נאר דערפֿאר וויל די ארבייטער־פארטייען פֿון אנדערע פֿעלקער האלטען איהם פֿאר אנ׳עיקר פֿון דער אמונה. נאר ווען מיר וועלען אפילו מסכים זיין אויף א רגע, אז ער איז דאס לעצטע ווארט פֿון דער וויסענשאפֿט, אבער דער ארבייטער־ציוניזמוס איז דאך א גאנץ איינענארטיגע ערשיינונג, וואס מען האט זיך געמעגט דא אפּשטעלען און א קלער טהון אויף וויעפֿיעל אט דאס לעצטע ווארט פֿון דער וויסענשאפֿט ווערט בעשטעטיגט אויך אין אונזער שפּעציעלער פֿראגע.

מיר האבען שוין אנגעוויזען אויף דער גרעסטער סתירה, וואס מיר בעמערקען ווי ביי די פּועלי ציון, אזוי ביי דעם „בונד“: פֿון איין זייט נעמט מען איין די וועלט פֿאר דעם היסטארישען מאטעריאליזמוס, פֿון דער אנדער זייט שפּארט מען אריין פּסיכאלאגישע מאטיווען אויף צו ערקלערען דעם יודישען נאציאנאליזמוס. דאס אליין האט געדארפֿט בעווייזען די פּועלי ציון, ווי נויטיג עס איז הוקר ודורש זיין, צו די טעאריע שטימט מיט די פֿאקטען. א פּשיטא נאך איצט, אין דער ליצטער צייט, בשעת דער היסטארישער מאטעריאליזמוס ווערט אפילו פֿון סאציאליסטען זעהר שארף קריטיקירט. וואס דאס אליין בעווייזט, אז אסך זענען מסופּק אין זיין אויטאריטעט.

[1]) זעה אונזער בראָשירע: „דער נאציאָנאליזמוס פֿאר דעם געריכט פֿונ׳ם מארקסיזמוס“ (רוסיש) 1905.

האטש דאס איז נישט אונזער שפּעציעלע אויפֿגאבע, פֿון דעסטוועגען האלטען מיר פֿאר נויטיג, איידער מיר וועלען זיך נעהמען דורכצוקוקען די טעאריע און די פּראקטיקע פֿון די פּוע״צ., א פֿריהער אריינצולאזען זיך אין א קורצען קריטישען אנאליז מכּח דעם היסטאריש־פילאזאפֿישען סיסטעם פֿונ׳ם מארקסיזמוס, וואס אויף איהם ווערט נאך איצט אויך געבויט דער פּועלי־ציוניזמוס: אונז וועט דעמאָלט גרינגער זיין אויסצופֿיהרען דעם פּאזיטיווען טהייל פֿון אונזער ארבייט.— פֿריהער פֿון אלץ מוזען מיר באמערקען, אז דער היסטארישער מאטעריאליזמוס איז נאך לחלוטין נישט קיין אויסגעארבייטעטער סיסטעם, וואס זאל זיין גוט דורכגעקוקט נאך די פֿאקטען פֿון דער געשיכטע. מיר האבען דא צו טהון מיט איינציגע טעזיסען און בעשטימונגען, וואס מען האט זיי גאנץ אָפֿט געביטען און איבערגעאנדערשט. „ווען ער (מארקס) וואלט זיין טעאריע אויסגעארבייט סיסטעמאטיש, זי זאל דערגרייכען די מדרגה פֿון א וועלט־אנשויאונג, וואלט ער גופֿא געמוזט ארויסוואַרפֿען אסך איינזייטיגקייטען“ [1]. ליידער מוזען מיר זיך אבער רעכענען מיט די דאזיגע איינזייטיגקייטען, ווארין אין זיי ליעגט דאס גאנצע „פּינטעלע“, דער כאראקטעריסטישער תּוך פֿון דעם מארקסיזמוס.

דער „חק ולא יעבור“ פֿון דעם מאטעריאליסטישען פּירוש אויף דער געשיכטע, דער ערשטער כּלל ליעגט אין די דאזיגע ווערטער פֿון מארקס: „די פֿארמען פֿון דער פּראדוקציע פֿונ׳ם מאטעריעלען לעבען באשטימען בכלל די סאציאלע, פּאליטישע און גייסטיגע פּראצעסען“. ענגעלס האט דערנאך צוגעלעגט די ווערטער „און די פֿארמען פֿון דעם בייט“.

מארקס רעדט גאר נישט וועגען אלגעמיינע מאטעריאלע בעדערפֿנישען און בעדינגונגען פֿון דעם מענשליכען לעבען, ווי עס מיינען מערינג און אנדערע וואולגארנע מארקסיסטען, ער רעדט נאר וועגען די פֿארמען פֿון דער פּראדוקציאן און פֿון דעם בייט. ליפּפּערט האט דאך אויך געזעהען אין דעם זארגען פֿאר׳ן לעבען („לעבענספֿירזרגע“) דעם גרונד־פּרינציפּ פֿון דער געשיכטע. מאקקיאַבעללי; וויקא, מאנטעסקיע, הערדער, גיזא און אנדערע האבען אויך צוגעשריבען די גרעסטע בעדייטונג, אין דער מענשליכער געשיכטע דעם מאטעריאלנעם פֿאקטאר. די אריגינעלע אידעע פֿון דעם מארקסיזמוס באשטעהט אבער

[1]) וואָלטמאן: דער היסטאָרישער מאַטעריאליזמוס (דייטש) 1900 דף ב׳.

אין דעם, וואס ער לייגט אריין אין דעם גרונד פֿון זיין היסטארישע־פֿילאזאפֿיע נישט די ביאלאגישע ערשיינונג פֿון מאטעריאלנע בעדערפֿנישען, נאר דעם סאציאלען פֿאקטאר — די פֿארמען פֿון דער פראָדוקציע און פֿון דעם בייט. אבער די דאזיגע פֿארמען גופֿא זענען זעהר אַ האַרבער ענין וואס צו איהם אליין בעדארף מען האבען אַ פירוש. די פֿארמען פֿון דער פרודוקציע! אבער די דאזיגע פראדוקציע איז נאר דעמאלט מעגליך, ווען עס קאמבינירען זיך צוזאמען דריי פֿאקטארען: דער רויהער פראדוקט, ווי די נאטור האט איהם באשאפֿען, דער מענש מיט זיינע געוויסע בעדערפֿנישען און מיט זיינע גייסטיגע מעלות, וואס גיעבען איהם די מעגליכקייט אויסצואַרבייטען פֿון דעם רויהען פראדוקט זאכען, וואס זאלען בעפֿריעדיגען זיינע בעדערפֿנישען, און דריטענס, אנדערע פראדוקטען, וואס זענען אליין אַ רעזולטאט פֿון מענשליכען שׂכל און פֿון דעם מאטעריאל, וואס די נאטור גיט. די פֿארמען פֿון דעם בייט! אבער זיי גופֿא זענען דאך אַ צוזאמען־געשטעלטער און נישט קיין ריינער עלעמענט אין דער מענשליכער געשיכטע. זיי גופֿא זענען אַ רעזולטאט פֿון דעם מענשענס בעדערפֿנישען, פֿון שפעציעלע גייסטיגע מעלות, וואס מאכען די מענשען פֿאר פֿעהיג פֿיהרען צווישען זיך אַ שטענדיגען גרויסארטיגען משׂא ומתן, וואס נעהמט אן אלערליי פֿארשיעדענע פֿארמען. לאגיש גערעדט, נעהמט דער מארקסיזמוס דעם אונבעקאנטען „X" — די מענשליכע געשיכטע — און פֿערטייטשט איהם מיט אַ צווייטען אונבעקאנטען „y" — די פֿארמען פֿון דער פראדוקציע און פֿון דעם בייט, וואס זיי גופֿא זענען נישט קיין פשוט'ע עלעמענטען, נאר אין דער העכסטער מדרגה פֿערוויקעלטע [1].

שפעטער האט ענגעלס אין זיין בוך: „די אבשטאמונג פֿון דער פֿאמיליע א.ז.וו." געגעבען גאר אַ נייעם פשט אויף דעם היסטארישען מאטעריאליזמוס. „נאך דער מאטעריאליסטישער וועלט־אנשויאונג", זאגט ער דארט, „טרעט ארויס אין דער געשיכטע פֿאר אַ בעשטימענדען מאמענט די פראדוקציע און די ניי־בעשאפֿונג פֿון דעם לעבען גופֿא. אין דאס אליין האט אַ דאפפעלטען כאראקטער: פֿון איין זייט די אויסארבייטונג פֿון מיטלען צום לעבען, פֿון דער אנדער זייט די שאפֿונג פֿון די מענשען גופֿא, די געשלעכטליכע פֿארמעהרונג". אבער „די ער־

[1]) זעה ד. פאסמאניק: צור קריטיק דער מאטעריאליסטישען געשיכטס־טעאָריע. די צייט 1897, נומר 141, וויען.

ציינונג און די שאפונג פון דעם לעבען גופא"—דאס איז דאך א ריינער ביאלאגישער פרינציפ וואס האט דעם זעלבען ווערט אין דער גאנצער ארגאנישער וועלט, נישט נאר אין דער וועלט פון חיות, נאר אויך אין דער וועלט פון פלאנצען. פאר וואס־זשע ריידען מיר נאר מכח א ציווילי־זאציע פון מענשען, און נישט אויך פון חיות און פון פלאנצען? א חוץ דעם וואס פאר א חילוק איז צווישען דעם דאזיגען פרינציפ און ליפפערט'ס פרינציפ: „זארגען פאר לעבען"? איז א פנים דער משמעות, אז נישט פשוט „די ערציגונג... פון דעם לעבען", נאר א געוויסע פארם פון דער דאזיגער ערציינונג דיענט פאר א בעשטי־מענדען מאמענט אין דער געשיכטע.

אויף אזא אופן ווייזט זיך ארויס, אז די „פארמען פון דער פראדוקציע" קאנען נישט בילדען קיין באדען, נישט קיין „אונ־טערבאדען" פון דער געזעלשאפטליכער ענטוויקלונג. שוין פשוט דער־פאר, וואס זיי אליין זענען א בנין, וואס איז משונה'דיג צונויפגעשטעלט פון אסך עטאזשען. און אין דעם דאזיגען בנין דארף מען זיך דראפען אויף אלע ווענד אויסצופארשען, פון וואס איז געמאכט געווארען דער פונדאמענט און וואס אזוינס איז די גאנצע אויפבויעכץ.

נאר קודם כל מוזען מיר איין מאהל פאר אלע מאהל עקען מיט די וואולגארא מארקסיסטען, וואס בשעת זיי דערגעהען צום דאזיגען פונקט זענען זיי יוצא מיט אזא מין באנאלער פראזע: „דער מענש מוז א פריהר עסען און טרינקען, דערנאך ערשט טראכטען און פילאזאפירען". דער הונגער בעשאפט נישט קיין געשיכטע — האט ערגיץ אין א ארט מארקס געזאגט. און אויך קויטסקי באמערקט גאנץ ריכטיג [1] אז „דעם מענשענס לעבען, וויפיעל דאס איז א בהמישער לעבען, א לעבען פון א אינדיווידואלנעם ארגאניזמוס, העגנט עס אב פון אנדערע געזעצען, ווי אויף וויפיעל דאס איז א געזעלשאפטליכער לעבען". די וויסענשאפט פון דער היסטאריע האט צו טהון נאר מיט די געזעצען פון דעם לעצטען לעבען". — טהו צו וואס'זשע פיהרען אונז סוף כל סוף די פארמען פון דער פראדוקציע? צו די פראדוקטיווע כחות. אבער וואס פערשטעהען מיר אונטער פראדוצירענדע כחות? אויב מיר וועלען דערביי אננעהמען די צווייטע פארמולירונג פון ענגעלס'ען, וועלכע לערנט אונז, אז די ערציינונג און די שאפונג פון דעם לעבען גופא

[1]) ק. קויטסקי: די נייע צייט 189⁶/₇, 1. באנד נומר 8, דף 906.

וענען די באשטימענדע מאָמענטען אין דער געשיכטע, קעהרען מיר זיך דעמאָלט אום צוריק צום מענשען — צו דעם ערצייגענדען כח אין דער שאפונג פון דעם לעבען — ווי צו דעם פונדאַמענטאַלען פאַקטאָר אין דער געשיכטע; אָבער דעמאָלט מוזען מיר דאָך זיך אָבזעגענען מיט דעם אריגינאַלנעם האַראַקטער פון דעם היסטאָרישען מאַטעריאַליזמוס.

שוין טוגאַן־באַראַנאָווסקי האָט אָנגעוויעזען אויפ'ן משמש, וואָס הערשט ביי דעם ערקלעהרען, וואָס זענען אזוינס פראָדוקטיווע כחות, אויפ'ן משמש, וואס פון איהם איז מאַרקס אליין נישט ריין [1]. נעהמען מיר זיך צו מאַרקס'ס תלמידים, געפינען מיר ביי זיי גאָר אַ נייעם אָריגינאַלנעם פשט אויף'ן תוך פון פראדוקטיווע כחות. קויטסקי למשל גיט אזא מין ענטפער: „אין דעם לעצטען רעזולטאַט איז די עקאנאמישע ענטוויקלונג גאר נישט אנדערש, ווי די ענטוויקלונג פון דער טעכניק, דאס הייסט די ענטוויקלונג נאכאַנאַנד פון ענטדעקונגען און ערפינדונגען, און וואס איז דאס, ווען נישט די ווירקונג איינס אויף'ן אַנדערען צווישען דעם גייסט און די עקאָנאָמישע בעדינגונגען? דער היסטארישער מאטעריאליזמוס איז ווייט פון אבלייקענען דעם בעוועגענדען כח, וואָס דער מענשליכער גייסט האט אין דער געזעלשאַפט, ער ערקלעהרט מעהר נישט אַנדערש די ווירקונג פון דעם דאזיגען כח, און די ערקלערונג איז אַ גאנץ אנדערע, ווי אַלע איבריגע. דער גייסט בעוועגט די געזעלשאַפט, אבער נישט ווי אַ האר פון די עקאנאמישע בעדינגונגען נאר ווי זייערער אַ קנעכט [2]. דערביי ווילען מיר בעמערקען, אַז מאַרקס אַליין האט צוגעשריעבען אַ גרויסע בעדייטונג דער ענטוויקלונג פון דער „טעכנאלאגיע". —

מיט דער דאזיגער ערקלערונג פון קויטסקי ווערט צושטערט די גאַנצע פריהערדיגע פאָרמולירונג פון דעם היסטארישען מאטעריאַליזמוס, אבער דערפאר ווערט די גאַנצע מחלוקת פשוט'ער. מיר זעהען דאך, אז קויטסקי איז מסכים, אז די טעכנישע ענטוויקלונג די אלע ערפינדונגען און ענטדעקונגען, אז זיי זענען דער תמצית פון דער עקאנאמישער ענטוויקלונג. ער געהט נאך אפילו ווייטער. „דער איצטיגער צושטאַנד פון דער מאַטעמאטיקע געהערט אויך צו די עקאנאמישע בעדינגונגען פון דער איצטיגער געזעלשאַפט, אזוי ווי דער איצטיגער צושטאַנד פון דער מאַשין־טעכניק און פון דעם וועלט־מסחר". ווען מען וויל זיך

[1] טוגאַן־באַראַנאָווסקי: טעאָרעטישע גרונדלאַגען דעס מאַרקסיזמוס. 1905

[2] דאָרט דף 231.

קאנסעקווענט, מוז מען מסכים זיין מיט טוגאַן־באַראַנאָווסקי׳ן, אַז קויטסקי האט מיט דעם זעלבען רעכט געקאנט אנערקענען דעם שטאַאַט, ווי בכלל יעדער אידעאלאָגיע פאר א תנאי פון דער איצטיגער געזעלשאַפֿט״.
פון אלע מעשיות האבען מיר דערוויל אזא לאָגישע סעריע: די בעדינגונגען פון דער פראדוקציאן הענגען אב פון די פארמען פון דער ערציהונג, די לעצטע פון דער ענטוויקלונג פון דער טעכניק, און די ענטוויקלונג פון דער טעכניק איז ,גאר נישט אנדערש, ווי די געגענזייטיגע ווירקונג צווישען דעם גייסט און די עקאנאמישע בעדינגונגען״, דאס הייסט צווישען דעם גייסט און די עלעמענטארע בעדינגונגען פון דעם געזעלשאַפֿטליכען לעבען, צו וועלכע עס געהערען אלע פיזישע און סאציאלע (אדער די איבער־ארגאנישע) לעבענסבעדינגונגען, אין וועלכע דער מענש איז אוועקגעשטעלט געוואָרען. מיר זענען דעריבער גאַנץ ווייט פון הויק מאַכען, אזוי ווי בעלטאוו. פון דער ווירקונג צווישען דעם גייסט און דער מאטעריע אדער פשוט׳ער געזאגט, דעם מענשען און דער ארגאנישער וועלט, אדער, ווי דע־גרעעף זאגט, דער סביבה (אומגעבונג) און דער בעפעלקערונג. די גאנצע מחלוקת איז נאר וועגען דעם: ווען מען איז מסכים, אז אין דער מענשליכער געשיכטע ווירקען פאראלעל צוויי פאַקטאָרען: דער גייסטיגער און דער מאטעריאלנער, אדער, ווי קויטסקי פארטייטש דאס, דער גייסט און די עקאנאמישע בעדינגונגען, געהט א וכוח מעהר נישט וועגען דעם, צי דארף מען די דאזיגע ביידע פאַקטארען האלטען פאר אוטאנאמנע אין זייער אבשטאמונג, אדער מען מוז אננעהמען, אז איינער פון זיי איז אנ׳אונטערטאן ביים צווייטען, און דאס הייסט אז דער הויפט־פאַקטאר, דער אויבערהארר איז דער מאטעריאלנער און ער געוועלטיגט איבער דעם גייסטיגען? קויטסקי שטעלט אוועק אנדערש די פראגע: ביי איהם קומט אוים, אז די מחלוקת איז וועגען דעם, צי איז דער גייסט דער אויבערהארר אדער דער קנעכט פון די עקאנאמישע פערהעלטניסען, דאס הייסט ער האט מעהר נישט אין זינען, ווי די טהעזע מיט דער אנטיטעזע: די אידעאליסטישע אויפפאסונג פון דער געשיכטע (דער גייסט איז דער הארר) און די מאטעריאליסטישע (דער גייסט איז דער קנעכט), און פארגעסט דערביי, אז עס איז נאך מעגליך א דריטע אויפפאסונג פון דער געשיכטע אַ סינטעטישע, וואס זי זעהט נישט אין דעם גייסט נישט קיין הארר און נישט קיין קנעכט, וואס זי האַלט, אז די גאנצע געשיכטע איז א פראדוקט פון דער ווירקונג אויף

אנאנדער צווישען דעם גייסטיגען און דעם מאטעריאלנעם פאקטאר, וואס זיי שפּיעלען א גלייכע ראלע אין דער געשיכטע [1].

איצט איז די מחלוקת צוגעפֿיהרט געוואָרען צו א פונקט, וואס נאר די אינדוקציע — דאס אבטונגגעבען אויף פאקטען קאן אונז געבען דעם אמת'ען פּסק־דין, נאר דאס פאקטישע צוקוקען זיך צום געזעלשאפטליכען לעבען קאן געבען א קלארע תשובה אויף דער געשטעל־טער קשיא, נאר דאס קאן אונז ערקלערען דעם גענעזיס, די אבשטאמונג, פון דעם גייסט און פון די עקאנאמישע בעדינגונגען און זייערע פער־העלטניסען איינס צום צווייטען.

מיר וועלען זיך דא באגנינענען נאר מיט עטליכע פאקטען, די ע'רשטע ערפינדונג, אויף וועלכע דער מענש האט געדארפט פאלען, כדי ער זאל קאנען אריינטרעטען אין פערוויקעלטע געזעלשאפטליכע פער־העלטניסען, איז די שפראך, דאס ריידען, אהן דעם וואלט די מענש־ליכע געזעלשאפטליכקייט נישט שטעהן העכער פון דער, וואס מיר זעהען ביי חיות. ענגעלס, וואס האט פארשטאנען די גאנצע בעדייַ־טונג פון דעם דאזיגען פּראבלעם פאר דעם היסטארישען מאטעריאליזמוס, פּרובט זיך אונז צו ערקלערען, ווי די שפּראך איז ענטשטאנען דורך דער מענשליכער ארבייט [2]. נאר דיא דאזיגע ערקלערונג איז טאקי העכער פון יעדער קריטיק, אזוי ווי די מענשען „האבען געהאַט וואס צו זאגען איינער דעם צווייטען“, האבען זיי אנגעהויבען צו רעדען! אבער די חיות האבען דאך אויך געוויס וואס צו זאגען איינע דער צווייטער און פון דעסטוועגען ריידען זיי נישט, אפילו יענע חיות, וואס בילדען גאנץ פערוויקעלטע געזעלשאפטען, אינטערעסאנט איז, וואס דער פאפּוגאי לערנט זיך אויס אויסצורעדען עטליכע ווערטער דוקא דעמאלט, ווען ער טהוט גאר נישט, ווען ער זיצט אין קליעטקע, אונטער דער השפעה פון א פּסיכישען פאקטאר — פון דער נאכטהועכץ. מארגאן וואס ענגעלס רעכענט איהם צו איינען פון די גרעסטע אוטאריטעטנע פארטיידיגער פון דעם היסטארישען מאטעריאליזמוס, ווייזט אן, ווי שווער עס איז צו פאַרענטפערען די קשיא וועגען דער ענטשטעהונג פון דער שפּראך, און בעמערקט, אז דאס איז א פּראגע „וועגען די געזעצען פון

---

[1]) זעה ד. פאַסמאַניק: סינטעטישע געשיכטס אויפפאַסונג (דייטש) די צייט. 1897. נומר 144.

[2]) פר. ענגעלס: דער אנטהייל דער ארבייט אַן דער מענשע־ווערדונג דער אפֿען. די נייע צייט 189⁵/₆. נומ׳ 44, זייטע 548.

דער מענשליכער ענטוויקלונג און פֿון די רעזולטאטען פֿון דער גייסטיגער ארבייט" ¹). געווים האט זיך אבער, מיינט ער, די שפּראך ענטוויקעלט פֿון די קולות, וואס פֿלעגען בעגלייטען די מימישע בעוועגונגען. אבער די מימיקע צייכענט זיך אויס א סך מעהר דורך פסיכישע, איידער דורך פֿיזישע פּראצעסען. די צווייטע גרעסטע ערפֿינדונג, איז דאס שרייבען. „נישט די געשיכטע, נישט די ציוויליזאציע, זאגט דער זעלבער מארגאן, וואלטען נישט עקסיסטירט, ווען עס זאל נישט זיין דער ליטעראַרישער מאטעריאל". די ערשטע ווארצלען פֿון דער שריפֿט דארף מען אבער בלי שום ספק, זוכען אין די עסטעטישע געפֿיהלען פֿון דעם מענשען: די ערשטע שרייבעכץ איז בעשטאנען אין אויסמאהלען פֿארשיעדענע זאכען פֿון דער אויסערער וועלט, ווי עס באווייזען די היעראגליפֿען וואס פֿון זיי האט זיך דערנאך ענטוויקעלט די סימבאלישע שריפֿט.

די ענטדעקונג פֿון פֿייער, וואס האט געהאט אזא מין גרויסע השפעה אויף אלע פֿארמען פֿון דער פּראדוקציאן און פֿון דער גאנצער ווירטשאפֿט, און וואס עגגעלס האלט זי א סך העכער פֿאר דער ערפֿינדונג פֿון דער ערשטער דאמפף־מאשין, איז אויך נישט געמאכט געווארען אונטער דעם דירעקטען איינפֿלוס פֿון עקאנאמישע פֿערהעלט־ניסען. א סך פֿארשונגען באווייזען, אז פֿייער האט מען געקאנט ענט־דעקען נאר ביי געוויסע אויסערע בעדינגונגען פֿון דער נאטור, דהיינו דוקא דארט, וואו די היץ איז זעהר גרויס, וואו די שטראהלען פֿון דער־זון באקען זעהר שטארק, און דאס גאנצע איז נישט מעהר געווען ווי א נאכטהועכץ נאך דעם פּראצעס פֿון דער נאטור. אויך די דאזיגע ערפֿינדונג איז נישט געמאַכט געווארען דורך דער עקאנאמיקע. די דאזיגע דריי ענטדעקונגען: די שפּראַך, די שריפֿט און דאס פֿייער, וואס זיי בילדען דריי פֿונדאמענטאלע זאכען, וואס האבען מעגליך געמאכט די געשיכטע און די ציוויליזאציע — זיי זענען א רעזולטאט נישט פֿון עקאנאמישע פֿערהעלטנישען, נישט פֿון די פֿארמען פֿון דער פּראדוקציע און פֿונ'ם בייט, נאר פֿון דער ווירקונג אויף אנאנדער צווישען דעם מענשען און דער נאטור, „דער סביבה און דער בעפֿעלקערונג". — געהען מיר א שריט ווייטער.

דער מארקסיזמוס ערקלערט—און אין דעם זענען מיר מיט איהם אין גאנצען מסכים, — אז דער קלאסען־קאמפף געהט דורך ווי א רויטער פֿאדעם דורך דער גאַנצער מענשליכער געשיכטע. נאר פֿון וואס

¹) מארגאן: די אורגעזעלשאפֿט. 1891. זייטע דק. נאטא 85.

האט זיך גענומען דער דאזיגער קלאסען־קאמפף? נישט מ א ר ק ס און נישט זיינע תלמידים האבען אונז נישט געגעבען קיין אנאַליז פון׳ם ענטשטעהען פון דער דאזיגער סאציאלער ערשיינונג; זיי האבען זיך באַפריעדיגט מעהר נישט מיט דעם, וואס זיי האבען אונז אנגעוויזען אבערניים אויף די פארמען פון דער פראדוקציע, האטש עס דאכט זיך, דא האבען דאך אודאי געדארפט שפיעלען א גרעסערע ראלע די פאנאנדערטהיילונג פון די פראדוקטען, איידער די פראדוקציאן גופא. נאר נישט דאס זענען מיר אויסען. ביי אלע אלטע אומות פאראייניגט דער העכערער קלאס אין זיינע הענד די ממשלה איבער דעם חיל מיט דער גייסטיגער הערשאפט. אבער דער קלאס פון די כהנים איז דער עלטעסטער קלאס. ס׳פארשטעהט זיך, אז ווען נישט דאס רעליגיעזע געפיהל, וואלט נישט מעגליך געווען ס׳זאל עקזיסטירען א קאסטע פון כהנים. פון וואנען זשע געהמט זיך די רעליגיאן? דאס איז שוין אפילו דער כשר׳ער מארקסיסט ל י ו ט ג ע נ ו י[1]) מודה אז די ערשטע רעליגיעזע געפיהלען און פארשטעלונגען נעהמען זיך פון דעם רושם, וואס די גרויסע ערשיינונגען פון דער נאטור האבען געמאכט אויף דעם אדם הקדמון, אויף זיין אויפמערקזאמען האראקטער, און די בעדייטענדסטעווארצעל פון דער רעליגיאן איז דער אנימיזמוס. ל י פ פ ע ר ט[2])‚ וואס ער איז אין דעם ענין געווים א גרויסער אוטאריטעט, האלט, אז דער „קולט פון דער נשמה (זעעלען־קולט) האט אין זיך די אנפאנגספארשטעלונגען פון אלע רעליגיאנען״. מיר לייקענען נישט, אז די עקאנאמיע האט שפעטער געקריגען א גרויסען איינפלוס אויף דער רעליגיע, אבער אין דעם איז קיין שום ספק נישטא, אז די ענטשטעהונג פון דער רעליגיע דארף מען זוכען אין דעם מענשליכען גייסט, און נישט אין די פארמען פון דער פראדוקציע.

מיר באגגינגען זיך מיט די עטליכע פאקטען, ס׳איז נישט דא דער ארט אויף אנצווייזען די אלע פאקטען אין דער ענטוויקלונג פון דעם מענשליכען גייסט, וואס מען קאן זיי בשום אופן נישט ערקלערען פון דעם היסטאריש־מאטעריאליסטישען שטאנדפונקט. למשל די פילאזאפיע פון שפינאזע׳ן קען מען בשום אופן אין דער וועלט נישט ערקלערען דורך די פארמען פון דער פראדוקציאן און פון דעם בייט, וואס זענען

[1]) ליוטגענוי: די נאטירליכע און סאציאלע רעליגיאן.

[2]) ליפפערט: די רעליגיאנען דער אייראפעאישען קולטור־פעלקער. בערלין, 1881.

געװען אין יענער עפּאכע אין אײראָפּא אדער אפילו אין האלאנד. װען די מעשה װאלט יא זײן אזױ, װאלט געװען א קשיא פֿאר װאס האבען אלע פֿארגעסען די דאזיגע פֿילאזאפֿיע ביז צו דער צװײטער העלפֿט פֿון דעם פֿריהערדיגען יאהר־הונדערט. װײטער קאן מען געװיס בשום אופֿן נישט ערקלערען פֿון דעם מארקסיסטישען שטאנדפונקט די אלע טיעפֿע חילוקים אין די אידעאלאגיען פֿון גריכען־לאנד און פֿון רום. האט'ש אי דא, אי דארט האבען געהערשט דיזעלבע פֿארמען פֿון דער פּראדוקציאן — די װירטשאפֿט, װאס איז געגרינדעט אויף קנעכטשאפֿט, — די זעלבע פֿארמען פֿון דעם בײט — די נאטוראלװירטשאפֿט, — די זעלבע טהײלונג אין קלאסען.

און װי אויך צו להכעיס זעהען מיר, װי אין גריכען־לאנד האט די אידעאלאגיע גרויסארטיג אויפֿגעבליעט אין פֿארמען פֿון פֿילאזאפֿיע, קונסט, פּאעזיע, און אין רום איז נישט מעהר געװען װי א טרוקענער „jus romanum" (רוימישעס רעכט). אזעלכע ראיות קאנען מיר ברענגען אהן א שיעור. נאר אויך אין בײשפּיעל מוזען מיר נאך אנװײזען. צי האבען זיך אונזערע יודישע מארקסיסטען האט'ש א פּרוב געטהון מפרש צו זײן אונזער יודישע געשיכטע פֿון דעם היסטאריש־מאטעריאליסטישען שטאנדפונקט? ס'איז קײן שום ספק נישטא אין דעם, אז בײ די פּאלעסטינישע יודען זענען געװען די זעלבע פֿארמען פֿון דער װירטשאפֿט, די זעלבע עקאנאמישע בעדינגונגען, װי בײ א סך אנדערע דעמאלטדיגע פֿעלקער. פֿאר װאס'זשע האט זײ פֿון דעסטװעגען געטראפֿען, װי קויטסקי אלײן איז מודה, אזא מין משוגע'דיגער מזל. ס'פֿארשטעהט זיך, אז מיר האבען דערבײ אין זינען די גאנצע יודישע געשיכטע, און נישט נאר יענע „פֿון דער צײט, װאס אין רוסלאנד איז געפֿאלען די לײב־אײגענשאפֿט" (קרעפּאסטנאיע פּראװא) נאך דעם מוסטער פֿ ; אונזערע יודישע היסטאריקער פֿון דעם בונדיסטישען לאגער. צי קאן מען ערקלערען די יודישע געשיכטע אין גלות בלויז מיט דעם עקאנאמישען פּאקטאר אלײן? מיר גיעבען אנ'עצה אלע אונזערע מארקסיסטען, זײ זאלען א טראכט טהון װעגען דעם דאזיגען פּראבלעם. מיר פֿון אונזער זײט מוזען ערקלעהרען, אז די יודישע געשיכטע איז להלוטין נישט צו פֿארשטעהן, װען מען זאל דערבײ נישט נעהמען צו הילף די גאנצע ראליע, װאס די רעליגיע און דער נאציאנאלער גײסט האבען געשפּיעלט בײם גאנין־בלײבען פֿון דעם יודענטום. די דאזיגע אלע פֿאקטען באװײזען אונז אײנס: דער גײסט איז נישט קײן האדר און

נישט קיין קנעכט פֿון די עקאנאמישע פֿערהעלטניסען. קויטסקי'ס נאנצער היסטאָרישער ממה־נפשך איז היסטאריש נישט ריכטיג, די מענשליכע געשיכטע איז א פראדוקט פֿון דער ווירקונג אויף אנאנדער־צווישען ביידע פֿאקטארען.

די פֿאָרמען פֿון דער פראָדוקציע און פֿון דעם בייט זענען א גוטער טערמאָמעטער, אבער נישט די סיבה פֿון דער אלגעמיינער קולטור־עלער ענטוויקלונג פֿון א געוויסער עפאכע. אין דער עקאָנאָמיקע קריסטאַליזירען זיך פֿון איין זייט די עקאנאמישע פֿערהעלטניסען, פֿון דער אנדער זייט די מדרגה, וואס די ענטוויקלונג פֿון די בעדערפֿנישען האט דערגרייכט און די רעזולטאטען פֿון דעם מענשענס גייסטיגער ענטוויקלונג. ווען די מארקסיסטען וויזען אונז אָן, אז נאך יעדער ווירטשאפֿטליכען סיסטעם געהט נאך א געוויסע אידעאלאגיע — וואס דאס איז נאך אויך נישט אלע מאָל אמת, ווי מיר האבען שוין דאס בעוויזען דורך דעם ביישפּיעל פֿון גריכען־לאנד מיט רוים, און ווי מיר קאנען זיך אלע טאָג אין דעם איבערצייגען, זעהענדיג, וואס פֿאר א חילוק עס איז פֿארהאן אין דער בורזשואַזיע גופֿא און אין דעם פראלעטאריאט גופֿא פֿון פֿארשיעדענע לענדער — דארף מען דאך נישט פֿארגעסען, אז די דאָזיגע שייכות איז א רעזולטאט פֿון דער גלייכהייט פֿון סאָציאָלאָגישע עלעמענטען, און נישט פֿון דער עקאנאמיקע. „Post hoc“ הייסט נאך נישט „Propter hoc“ (ווען צוויי זאַכען פֿאלען צוזאמען, איז דאָס נאך נישט קיין סימן, אז איינע איז די סיבה פֿון דער צווייטער). יעדע עקאנאמישע ערשיינונג איז א סאציאלע ערשיינונג „און אַלס אזעלכע האט זי אין זיך אלע אייגענשאפֿטען אי פֿון פֿיזישע, אי פֿון אָרגאַנישע, אי פֿון פסיכישע ערשיינונגען“. דאס גרויסע פֿאר־דיענסט פֿון דעם מארקסיזמוס באשטעהט אין דעם, וואס ער האט אָפּגעשלאָגען כפֿרות מיט דער אידעאליסטישער אויפֿפֿאסונג פֿון דער געשיכטע. ענגעלס האט דאס זעהר גוט פֿארשטאנען, ווען ער האָט געשריעבען אין 1890־סטען יאָהר: „מארקס און איך זענען א ביסעל שולדיג אין דעם, וואס די יונגערע שרייבען צו דער עקאנאמישער זייט א גרעסערע בעדייטונג, איידער זי האט. אונז איז אויסגעקומען פֿאר אונזערע געגנער (דאס הייסט די אידעאליסטען) מעהר פֿון אלץ אָנצו־וויזען אויף דעם הויפּט־פרינציפּ, וועלכען זיי לייקענען אָב, און דערביי האבען מיר קיינמאָל נישט געהאט! נישט קיין צייט נישט קיין אָרט נישט קיין צופֿאל אָבצושעצען דעם ווערט, וואס קומט די איבעריגע

מאָמענטען, וואָס האָבען אויך אַ חלק אין דער ווירקונג פֿון איין קראַפֿט אויף דער אַנדערער[1]. סוף כל סוף ענטשטעהט אַן׳אמת׳ער דור־הפלגה: למשל, דער מאַרקסיסט שטערן שרייבט: דער היסטאָרישער מאטעריאַליזמוס ברענגט גאָר נישט מיט זיך די דעגראדאציע פֿון דעם גייסט (ד. ה. ער ווארפֿט איהם גאָר נישט אַראָפּ פֿון זיין גדולה), ווי אַנדערע פֿערשטעהען אים פֿאַלש. אַלע פֿאַרטשריטען פֿון דער פּראָדוקציע זענען דאָך אַ רעזולטאַט פֿון דעם מענשען׳ס שכל. אין דער לעצטער אינסטאַנץ איז דער בעשאַפֿער פֿון דער קולטור פֿאָרט דער מענשליכער גייסט, נאָר אויף וויפֿיעל ער טרייבט פֿאָרווערטס די פּראָדוקציע און דורך איהר אַלעס אַנדערע"[2]. אַזאַ מין ריינעם העגעליאַניזמוס לעבט זיך פֿריינדליך אין איין גוף מיט דעם היסטאָרישען מאַטעריאַליזמוס! און דאָס איז נישט קיין אויסנאַהם! ענגעלס אַליין האַלט אין איינעם פֿון זיינע בריעף דעם געאָגראַפֿישען יסוד, „די טראַדיציע און די ראַסע אויך פֿאַר עקאָנאָמישע פֿאַקטאָרען. וואָס פֿאַר א שייכות ס׳איז פֿאַרהאַן צווישען דער ראַסע און די פֿאָרמען פֿון דער פּראָדוקציע, דאָס וויים אפשר נאָר גאָט אַליין! און פֿערנערסטאָרפֿער האָט נאָך נישט לאַנג פֿון איין זייט אַנערקענט די עקאָנאָמיקע פֿאַר דעם יסוד פֿון דעם לעבען, פֿון דער אַנדערע זייט ערקלערט ער: „די נאַציעס קענען נישט ערקלערט ווערען, ווי פֿאָרמען פֿון אונזערע געזעלשאַפֿטליכער אָרדנונג, דורך עקאָנאָמישע סיבות; זיי (ד. ה. די נאַציעס) זענען פֿאָרמען, אין וועלכע די מענשליכקייט האָט זיך אויסגעגאָסען (מענשהייטס־ערשיינונג), וואָס זייערע וואָרצלען דאַרף מען זוכען אין געוויסע ראַסען צונױפֿמישונגען, אין געאָגראַפֿישע און קלימאַטישע באַדינגונגען, און אין דער געמיינזאַמקייט פֿון דעם היסטאָרישען מזל[3].

די אַלע דאָזיגע סתירות פֿערשווינדען, ווי נאָר מיר זאָגען זיך אָפּ פֿון דער דאָגמאַטישער, מיט גאָר נישט בעוויזענער היפּאָטעזע פֿון דעם היסטאָרישען מאַטעריאַליזמוס און מיר שטעלען זיך אַוועק אויף אַ קאָנסעקווענטען שטאַנדפּונקט אויף דער סינטעטישער אויפֿפֿאַסונג פֿון דער געשיכטע.— אָבער דער מאַרקסיזמוס האַלט נישט אויס קיין וויסענשאַפֿטליכע קריטיק נישט נאָר אין זיין פֿילאָסאָפֿיע. מיר קענען זיך

[1]) דער סאָציאַליסטישע אקאדעמיקער 1895. זייטע 353.

[2]) שטער: דער היסטאָרישע מאַטעריאַליזמוס. מינכען 1894.

[3] פֿערנארסטארפֿער: סאָציאַליסטישע מאָנאטסהעפֿטע 1905. העפֿט 8, זייטע 65.

דאָ נישט אָפּגעבען מיט אַ גענויער קריטיק פֿון דעם מאַרקסיזמוס און מיר וועלען זיך באַפֿרידיגען מעהר נישט ווי מיטן אָנווייזען אויף איינציגע פֿאַקטען, אין דעם יסוד פֿון דער גאַנצער מאַרקסיסטישער תורה ליעגט די לעהרע וועגען דער קאָנצענטראַציע פֿון דער פּראָדוקציע, וואָס פֿון איין זייט פֿיהרט זי צו דעם אָנהויבען זיך עשירות אין ווענינ הענד, פֿון דער אַנדער זייט צו אַ שטענדיג וואַקסענדען דלות (האָט״ש אפשר אַ פֿערהעלטניסמעסיגען) פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט. אָט דער ראַזוימער חוק האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז ער איז פֿאַלש, נישט דורך טעאָרעטישע חקירות, נאָר דורך די פֿאַקטען פֿון דעם רעאַלען לעבען.

קיינער קאָן איצט נישט אָבלייקענען דעם פֿאַקט, אַז די טעאָריע פֿון דער קאָנצענטראַציע פֿון דער פּראָדוקציאָן האָט זיך אַרויסגעוויזען פֿאַר נישט ריכטיג אין דער אַגראַרנער ספֿערע. עס איז ריכטיג [illegible], אַז דער קליינער גרונדבעזיץ און די קליינע ערד־אַרבייט [illegible] גרעסער נישט נאָר אין אַלע לענדער פֿון איראָפּא, נאָר אַפֿילו אין אמעריקא. די קליינבויערישע ווירטשאַפֿט האָט זיך אַרויסגעוויזן [illegible] קאָן זיך האַלטען, ווייל זי ברענגט מעהר רווח. און אַפֿילו קויטסקי, [illegible] פּרובט זיך צו באַווייזען די קאָנצענטרירונג אין דער אַגראַרנער ווירט־שאַפֿט מיט ראיות פֿון דעם, וואָס עס פֿאַרגרעסערן זיך די [illegible] אויף דער ערד, וואָס איז פֿאַרזעצט אין די באַנקען — ער [illegible] בשעת מעשה, אַז דאָ רעדט מען מכח דער קאָנצענטראַציע פֿון דער פּראָדוקציע, און נישט פֿון דעם אייגענטום, — מוז דאָך [illegible] מודה זיין, אַז „דער בויער פֿערשווינדעט נישט אַזוי גיך, ווי מיר האָבען דאָס געמיינט. פֿאַר די לעצטע צעהנדליגער יאָהרען פֿאַרליערט ער זעהר פּאַמעלֿיך זיינע פּאָזיציעס, ווען ער פֿאַרליערט זיי איבער־הויפּט״. די זאַך איז עפּיס אַ ביסעל קשה, ס׳איז דאָך אַ סתירה צו דער גאַנצער תורה, אָבער קויטסקי׳ן מוז מען מוחל זיין: עס איז איהם אודאי נישט גרינג מודה זיין זיך, אַז „אין אזא וויכטיגען פּונקט״ מוז ער איבערבייטען זיין דעה.

אָבער נישט נאָר אין דער אַגראַרנער ספֿערע, עס לאָזט זיך אויס, אַז אין דער אינדוסטריעלער ספֿערע נופא ווערט נאָר נישט קלענער דער קלאַס פֿון די קאַפּיטאַליסטען, אדרבה: ער ווערט נאָך פּראָגרעסיוו פֿארגרעסערט, דאָס הייסט עס ווערט פֿארגרעסערט די צאהל פֿון די מענשען, וואָס לעבען אויף׳ן חשבון פֿון דעם מעהר־ווערט, ווי אין דער רענטע אין אַלע איהרע פֿאָרמען.

דערמיט אַליין ווערט שוין ממילא צושטערט די טעאָריע וועגען דעם גרעסער ווערען פֿון דעם דלות (פֿערעלענדונגס־טעאָריע). בערנ־שטיין איז גאַנץ גערעכט, ווען ער שרייבט אין דעם ענין: „איין זאַך איז קלאָר: כדי מען זאָל נאָך מעגען רעדען מכח דער טעאָריע פֿון דער פֿאַראָרימונג, מוז מען בעווייזען אַ פּאָזיטיווע פֿאַראָרימונג. אַ פֿאַרהעלטניסמעסיגע פֿאַראָרימונג דאָס איז אַ נאַרישע פֿראַזע... אָבער מען האָט נאָך נישט באַוויזען און מען קאָן נישט באַווייזען, אַז ס'איז אין דער אמת'ען פֿאַרהאַן אַ פּאָזיטיווע פֿאַראָרימונג"[1].

אויף אַזאַ מין אופֿן האָט דאָס לעבען געוויזען אַז אויך די מאַרקסיסטישע טעאָריע פֿון די קריזיסען און אַ צווייטע טעאָריע, וואָס איז מיט דיזער ענג פֿאַרבונדען, פֿון דער קאַטאַסטראָפֿע (צוזאַמענברוך'ס־טהעאָריע) זענען לחלוטין נישט ריכטיג. די לעצטע מלחמה האָט באַוויזען אויף'ן בעסטען אופֿן, אַז דער קאַפּיטאַליסטישער בנין קאָן גאַנץ רוהיג איבערטראָגען קריזיסען פֿון זעהר אַגערנסטען כאַראַקטער. ובכן קאָן די גאַנצע טעאָריע פֿון אַן 'אוביעקטיוו ניט פֿערמיידלי־כער, אַליין דורך אינווענדיגע סבות אַרויסגערופֿענער צו־שטערונג פֿון דעם קאַפּיטאַליזמוס נישט אויסהאַלטען קיין שום קריטיק.
אָט די אַלע איבערגעגעבענע פּונקטען קאָנען צוזאַמען געשטעלט ווערען צו איין פּונקט, ווי דאָס האָט געטהון פֿראַנץ אָפּפּענ־היימער אין זיין גלענצענדער קריטיק פֿון דעם מאַרקסיזמוס[2]. אָב־שיקענדיג דעם לעזער צום אָריגינאַל אַליין, ערלויבען מיר זיך דאָ צו ברענגען נאָר די עיקרים פֿון דער דאָזיגער קריטיק:

1. „דער גרונדשטיין פֿון קאַרל מאַרקס'ס געזעלשאַפֿט'ס־טעאָריע, דער גאַנצער וויכטיגסטער יסוד פֿון אַלע זיינע וויכטיגע געזעצען — דאָס איז דער געזעץ פֿון דער אקומולאַציע פֿון דעם קאַפּיטאַל".

2. „די ראיות, וואָס מאַרקס האָט געבראַכט אויף אויפֿצואווייזען דעם דאָזיגען געזעץ, זענען נישט ריכטיג".

3. „דער געזעץ פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער „אַנזאַמלונג" עקזיס־טירט נישט".

---

[1] עדואַרד בערנשטיין: פֿאַן איינעם טאָטגעזאַגטען. סאָציאַליסטישע מאָ־נאַטסהעפֿטע. 1905 העפֿט 6.

[2]) כר. אָפּפּענהיימער: דאָס גרונד־געזעץ דער מאַרקסישען געזעלשאַפֿטס־לעהרע. 1903 בערלין.

4. „די געזעלשאַפֿטס־טעאָריע פֿון מארקס׳ען פֿאַריערט צוזאמען מ׳ט דעם וויכטיגסטען יסוד אלע וויכטיגע פֿאָלגען (ווי־וואָרען), די פֿאַקטען פֿון דער קאַפּיטאליסטישער ענטוויקלונג פֿאָרערן און דערלאָזען א.׳אנדער ערקלערונג״.

א הוין דעם האָבען מיר אנ׳עקספּערימענטאלע ראיה, וואָס בעווייזט אונז, אז א סך מארקס׳ס טעזען זענען נישט ריכטיג. דער מארקסיזמוס זאָגט אונז, אז דער סאָציאליזמוס ענטוויקעלט זיך אָביעקטיוו און געהט נאָך דער ענטוויקלונג פֿון דעם קאַפּיטאליזמוס. דערפֿון איז נעדהונגען, אז שטאַרקער ווי אומעטום האָט זיך דער סאָציאליזמוס נעדאַרפֿט ענטוויקלען אין דיא לענדער, וואו דער קאפּיטאליסטישער פּראָצעס האט זיך מעהר ענטוויקעלט. אביעקטיוו גענומען, האט זיך געדאַרפֿט די מארקסיסטישע ארבייטער־בעוועגונג מעהר ווי אומעטום אויסברייטען אין ענגלאנד. אין דער אמת׳ען אָבער, איז דוקא אין דעם דאזיגען לאנד באמערקען מיר נישט קיין גרויסע פֿערשפּרייטונג פֿון דעם סאציאליזמוס, ווען מיר פֿערגלייכען נאָך מיט דעם, וואס מיר זעהען אין דייטשלאנד און אפילו אין עסטרייך, דאָס הייסט אין א לאנד, וואו דער קאפּיטאליזמוס האט זיך נאך נישט שטארק ענטוויקעלט. ביים ענגלישען פּראלעטאריאט פֿעהלט אפילו דאס קלאַסען־בעוואוסט זיין און בשעת די וויבארעס אין פּארלאמענט לאזט זיך פֿון זייער זייט הערען זעהר א בעמערקבארער קאנסערוואטיזמוס.

מיר ענדיגען דערמיט אונזערע קורצע קריטישע בעמערקונגען איבער דעם מאַרקסיזמוס, און קומען צו דער החלטה, אז נישט די אביעקטיווע וויסענשאַפֿטליכע פֿאָרשונגען, נישט דאס לעבען בעשטעטיגען נישט די אנשויאונגען פֿון דעם מארקסיזמוס; דערביי דאַרף מען אבער גוט געדענקען, אז דער מארקסיזמוס איז מעהר נישט ווי א טהייל פֿון דעם סאציאליזמוס, און נישט דער גאנצער סאציאליזמוס.

נישט רעדענדיג שוין מכח די פֿאקטען פֿון דעם יודישען געזעלשאַפֿטליכען לעבען, נאר אפילו די פֿאקטען פֿון דעם געזעלשאַפֿטליכען לעבען בכלל נויטיגען נישט דעם פּועלי־ציוניזמוס, ער זאל אננעהמען די מארקסיסטישע תורה. דער פּועלי־ציוניזמוס, ווי די יונגסטע פֿרייהייטס־בעוועגונג, דאַרף זיך נישט בעגניגען מיט דעם, וואס ער וועט נאָכמאכען אנדערע און אננעהמען א פֿארטיגע וועלט־אנשויאונג. וואס זי איז באשאַפֿען געוואָרען נישט נאר נישט אויפֿ׳ן בֹאדען פֿון דער יודישער געשיכטע און פֿון דעם יודישען לעבען, נאר וואס זי ווערט אלֹיין

מעהר און מעהר צושטערט דורך דער וויסענשאַפטליכע קריטיק. אונ־זער וועלט־אנשויאונג מוז זיין א רעזולטאט פון אנ׳אביעקטיווע פארשונג פון אונזער געזעלשאפטליכען לעבען: דעמאלט וועט ביי אונז זיין מעהר הארמאניע אין אונזערע אנשויאונגען און מעהר קאנסעקוועניץ אין אונזערע ארבייטען.

אונזער בעוועגונג מוז מען מישיג זיין אלס א רעזולטאט „פון דער געגענזייטיגער השפעה פון גייסטיגע אוןווירטשאפטליכע בעדינגונגען“, אלס א פראָדוקט פון צוויי פאקטאָרען, איינעם א אידעאַלאַגישען, און איינעם פאַקטאָר אַ מאַטעריעלען; און אונזער סאָציאַליזם מוז מען פאר־שטעהען אלס א שטרעבונג צו דער פארניכטונג פון אלע קלאסען־געגענזעצע און צו אַ איבערבויען פון דער געזעלשאַפט אויף דעם יסוד פון קאָלעקטיוו־איינגעטהום און פון געזעלשאַפטליכען יושר אלס פועל־יוצא פון דער אָביעקטיווע, פון דעם מענשליכען ווילען אונאַב־העננינער ענטוויקלונג פון די געזעלשאפטליכע כחות און פון דעם סוביעקטיווען, בעוואוסטזיניגען שטרעבען פון דעם המון צום פאָרטשריט.

---

## IV.

**די יסודות פון דעם ציוניזמוס. די אונמעגליכקייט צו ערקלערען איהם נאר דורך עקאָנאָמישע פאַקטאָרען. די אידעאָלאָגישע פאַקטארען: די עקזיסטענץ פון דער יודישער נאַציאָן און איהר טענדענץ צו אַ זעלבסשטענדיגען לעבען. וואָס האָט געגעבען די עמאנציפּאַציאָן? דער אַנטיסעמיטיזמוס, אלס אַ פאָלגע און אלס א סיבה. די פרייע נאַציאָנאַליטעט אלס יסוד פון דעמאָקראַטיע און אינטערנאַציאָנאַליזמוס. דער יסוד פון דעם פועלי־ציוניזמוס.**

פריהער פון אלין מוזען מיר זיך אליין אָבגעבען א חשבון, וואָס האָט אונז געבראַכט צום ציוניזמוס. דערצו מוזען מיר בעטראַכטען די עקאָנאָמישע און די גייסטיגע פאַקטאָרען, וואָס האָבען ארויסגעלענט זייער שטעמפעל אויף דער לאַגע פון דעם יודישען פאָלק בכלל און דעם יודישען פראָלעטאַריאַט בפרט. ווען מיר וואָלטען נעוואָלט זיך בעגנינען איינציג און אליין מיט די עקאָנאָמישע טעמים, וואָלט דער רעזולטאט אפשר געווען, אז מיר וואָלטען מודה זיין, אז דער ציוניזמוס

האָט נישט קיין פֿעסטען טעאָרעטישען פֿונדאמענט אונטער זיך. פֿון דעם מאַרקסיסטישען שטאַנדפּונקט קאן מען דעם יודישען פֿאָלק און זיין פּראָלעטאריאט נאָר איין עצה געבען: צו אסימילירען זיך. אזא עצה האָבען איהם טאקי געגעבען אלע אויסגעצייכענטע טעאָרעטיקער פֿונ׳ם מאַרקסיזמוס, ווי קויטסקי, פּלעחאַנאָוו און בכלל כמעט אלע סאָציאַל־דעמאָקראַטען. אָבער פֿאקטיש זעהען מיר דאָך, אז די אסי־מילאציע בלייבט נישט נאָר פֿאַר דער קליין־בירגערליכער יודישער מאַסע, נאָר אַפֿילו פאר דעם פֿאַבריטשנעם פּראָלעטאריאט — א פּוסטער חלום, אָדער זעהר א לאנגער פּראָצעס, וואָס איז פֿאקטיש פֿארבונדען מיט זעהר גרויסע יסורים און וואָס ציעהט נאָך זיך די ענטארטונג פֿון גרויסע יודישע מאסען.

דער היסטאָרישער מאטעריאליזמוס קאן אונז נישט ערקלערען, פֿאַר וואָס דאס יודישע פֿאָלק האָט זיך ביז איצט נישט אסימילירט. דאס בעווייזען, אז די יודען האָבען זיך דערפֿאַר נישט אסימילירט, ווייל זיי האָבען ערפילט אין גלות א בעזונדער עקאָנאָמישע פֿונקציע, ערקלערט גאָר נישט. ווייל עס בלייבט נישט קלאָר, ווי אזוי, און פֿאַר וואָס די יודען זענען געקומען צו אָט דער בעזונדערער פֿונקציע. אָדער זאָל מען זיך בעגניגען מיט דער קבלה׳ישער ערקלערונג פֿון זאָמבארט, אז די יודען האָבען מיט געבראַכט קיין אייראָפּאָ דעם „אלט־קאפּיטא־ליסטישען גייסט״? אָבער פֿון וואנען האָט זיך דיזער „גייסט״ גענומען? און פֿאַר וואָס האָבען גראָד די יודען דיזען „גייסט״ אין אייראפּא אריינגעבראַכט, און נישט די פֿעניציער, אדער אנדערע אלטע פֿעלקער? מיר מוזען אלזא ארומקלערען די אידעאלאגישע פֿאקטאָרען, וועלכע האָבען צוזאמען מיט די עקאנאמישע, אָבגעהיט די יודישע נאציע אין גלות, אין וועלכע האָבען אין איהר נעשיכטליכער לאָגיק געפֿיהרט צום ערשיינען פֿון פּאליטישען ציוניזמוס.

אידעאָלאָגישע פֿאקטאָרען! די פֿערגאנגענהייט און די געגענוואַרט פֿון דעם יודישען פֿאלק, בעווייזען אונז, אז ער איז א שטארקער און לעבעדיגער נאציאנאלער אינדיווידואום, וואָס שטרעבט צו א גאנצען און זעלבסשטענדיגען לעבען. קיין שום עקאָנאמישע חשבונות האָבען נישט געקאנט צווינגען די יודען אין א משך פֿון א סך הונדערטער יאהרען אבצוזאגען זיך פֿון זייער נאציאנאלען לעבען, קיין שום שלעג און צרות האבען נישט געקאנט צוברעכען זייער אייזערנע ענערגיע: פֿון דעסטוועגען האבען א סך פֿון זיי געהאַפּט, אז די עמאנציפּאציע

זועט מאכען א סוף פֿון דער דאזיגער נאציאן, אז זי וועט (על פי הכ״ח) מוזען פֿערשווינדען אזוי, אז עס וועט נישט בלייבען פֿון איהם קיין שריד ופליט צווישען די גרויסע מאסען פֿון די פֿעלקער. און די יודישע גרויס־בורזשואזיע, אונטער דער השפעה פֿון איהרע עקאנאמישע אינטערעסען און פֿון די אידעען וועגען גלייכהייט און ברידערליכקייט, וואס האבען געוועלטיגט צום סוף פֿונ׳ם 18־טען און אין דעם אנהייב פֿונ׳ם 19־טען יאהרהונדערט, האט זיך טאקי אבגעזאָגט מיט א גרינגען הארצען פֿון איהר נאציאן; נאר מעהר נישט ווי זי האט זיך אבגעזאגט און אויך נישט לחלוטין: ביז איצט האט זיך נאך אלץ די דאזיגע יודישע בור־זשואזיע נישט אין גאנצען אסימילירט; ביז איצט היט זי נאך אלץ אב נישט נאר די עקאנאמישע פֿונקציאן — פֿון הענדלער און פֿאר־מיטלער, — וואס איז איהר געבליעבען בירושה פֿון דעם יודישען געטא, נאר אויך דעם יודישען גייסט. האט׳ש זי סטארעט זיך מיט אלע כחות אבצוט־ייסלען איהם פֿון זיך און אין אלץ נאכמאכען די הערשענדע פֿעלקער, צווישען וועלכע זי לעבט. זי האט נאך ביז איצט דאס גע־פֿיהל פֿון צוגעהעריגקייט צום יודישען פֿאָלק, דאס באווייזט זיך גאנץ בעזונדערס אין מאמענטען, ווען דאס יודישע פֿאלק ווערט געט־אפֿען פֿון א גרויסען אונגליק, ווי מיר האבען געזעהען נישט לאנג, נאך די פאגראמען [1]. אבער די אילוזיע פֿון דער אסימילאציע ווערט נאך קלענער, ווען גרעסערע יודישע מאסען קלויבען זיך צונויף אויף איין ארט:

---

[1]) דאָ נישט לאַנג האָבען מיר געקאנט באטראכטען א פֿאַקט וועלכער באווייזט, אַז ביי יודען איז נאָך פֿארהאן דאָס געפֿיהל פֿון נאציאנאלען אחדות. צווישען די יודישע עמיגראנטען אויס רוסלאנד זענען געווען בונדיסטען און אנדערע יודישע סאָציאַליסטען. קומענדיג אין ווי ע ן אהן מיטעל צום לעבען אין אָהן הוצאות פֿאר דער ווייטערער נסיעה, האָבען זיי מסתמא, זיך קודם־כל געווענדט צו זייערע פארטיי-גענאסען, די ווינער סאָציאַל־דעמאָקראַטען. די אָבער פֿלעגען אהן א סך טענות, אָבפֿאַרטיגען מיט אַ צעטעל, אויף וועלכען עס איז געווען געשריבען: „IX. טירקענשטראַסע, נומ׳ 9״... דאָס הייסט „צו די ציוניכטען!״ די ציוניסטען פֿלעגען זיי לויט זייערע כחות העלפֿען, און פֿלעגען זיי ווייטער שיקען... צו דער וויענער „איזראעליטישע אליאנץ״. אויף דעם אופֿן האָבען זיך די יודישע סאָציאַליסטען בעשיינפערליך איבערצייגט, אז ס׳איז נאך דא נאציאנאלע אחדות, אפילו ביי דער אַסימילירטער יודישע גרויס-בורזשואַזיע. אבער נאָך מעהר כאַראַקטעריסטיש איז דער פֿאַקט, אַז יודישע אינטערנאַציאָ־נאַליסטען פֿון רוסלאנד האָבען געפֿאָדערט דעם בעוויז פֿאר יודישע סאָלידאַרי־טעט פֿון דער עסטרייכישע יודישער בורזשואזיע, ווי עפּעס זעלבסט־ערשטענד־ליכעס, ווי עפּעס וואס קאן גאר אנדערש גיט זיין.

דא ווערט די יודישקייט קארג וואס אנגעריהרט פֿון דער נייער אלגע־מיין־מענשליכער קולטור. דערצו דארף מען קיין סך ראיות נישט האבען. און דעריבער האט די גרויסע יודישע סאציאליסטישע פארטיי אין רוס־לאנד, וואס באשטעהט נישט נאר פֿון דער אינטעליגענץ נאר אויך פֿון ארבייטער — מיר מיינען דעם „בונד", אונטער דער השפעה פֿונ'ם לעבען, געמוזט נישט נאר מודה זיין אין דער עקזיסטענץ פֿון דער יודישער נאציאן, נאר אויך ארויסשטעלען פֿאדערונגען — ממילא פֿון נאנץ אונשולדיגען האראקטער — וואס זאלען גאראנטירען די פֿרייע ענטוויקע־לונג פֿון אונזער פֿאלקסטום. דערביי האט דער „בונד", וואס רעכענט זיך שיער נישט פֿאר דעם איינציגען אמת'ען פֿארט־עטער פֿון דעם ארטאדאקסאלען מארקסיזמוס, געמוזט א פנים אין נאנצען פֿארגעסען וועגען זיין מאטעריאליסטישער שיטה, וועלכע קלעבט זיך נישט גוט צו זיין בעגרינדונג פֿון דעם יודישען נאציאנאליזמוס. דא ווייזט ער אן פשוט אויף פסיכישע פֿאקטארען, וואס האראקטעריזירען די יודישע נאציאן צום אונטערשייד פֿון אנדערע; ער איז מודה אין דעם ממשות פֿון דער ראסע, פֿון אלגעמיינעם גרופען־בעוואוסטזיין, פֿון מנהגים־טראדיציעס און אפֿילו פֿון דער רעליגיאן [1]. בקיצור די יודישע נאציאן האט באוויזען, נישט קוקענדיג אויף מורא'דיגע פֿארענדערונגען אין דעם ארומיגען לעבען אין דעם משך פֿון היבשע עטליכע יאהרען, אז זי וויל לעבען בלייבען, אז זי וויל פֿיהרען א זעלבסשטענדיגען, איינגנארטיגען לעבען, דאס הייסט, אז זי וויל דורכמאכען די עוואלאציאן (די ענטוויקלונג) פֿון דער אלגעמיין מענשליכער ציוויליזאציע צו א קולטור אין די ראהמען פֿון א נאציאנאלען לעבען.

אט די דאזיגע טענדענץ פון אונזער פֿאלקס־נשמה, אין וועלכער מיר זעהען א גאנצקייט, ווי אין יעדען אביעקטיווען פאקט פון היס־טארישער נויטיגקייט — זי איז די רעכטע סיבה פון דעם אנטיסעמיטיזמוס. דער אנטיסעמיטיזמוס איז נישט קיין פראדוקט פון רעליגיעזער שנאה, ער איז נישט קיין רעזולטאט פון ראסען־סתירות, נישט קיין פֿאלגע פֿון דער עקאנאמישער קאנקורענץ, ער איז איינציג און אליין דאס רעזול־טאט פון דעם היסטארישען פֿאקט, וואס דאס יודישע פֿאלק וואס איז אומעטום א מיעוט, האט נישט געוואלט אנווערען זיין איינענע צורה און אננעהמען די צורה פון דער מערהייט, האט בשום אופן נישט

[1] זעה „וועסטניס בונדא" נומערן 5 — 1.

געוואלט זיך אסימילירען און האט אומעטום ענערגיש באשיצט זיין נאַציאָנאלע אינדיווידואַליטעט. עס האָט עקזיסטירט אַ שנאה אויך צווישען אַנדערע רעליגיעס, אָבער זי האָט קיינמאָל נישט אָנגענומען אַזעלכע שרעקליכע פֿאָרמען, אין וועלכע עס האָט זיך אויסגעגאָסען די שנאה צו דער יודישער רעליגיאָן. ראַסען־סתירות האָבען עקזיסטירט אויך צווישען אַנדערע פֿעלקער, אָבער זיי האָבען קיינמאָהל נישט געבראַכט צו אַ זעלכע טרויעריגע רעזולטאַטען, ווי מיר זעהען דאס ביים אנטיסימיטיזמוס. מען דאַרף נישט פֿאַרגעסען, אַז אַפֿילו די אַראַבער פֿון צפון־אפֿריקא, וואָס זענען נאָך זייער ראַסע נאהענטע יודישע קרובים, האַסען פֿון דעסטוועגען די יודען נישט וועניגער, ווי די קריסטען. און וואָס איז שייך צו דער עקאָנאָמישער קאָנקורענץ, איז האָטש זי האָט אויף קיינעם קיין רחמנות נישט, פֿון דעסטוועגען האָט דאָך נאָר די יודישע קאָנקורענץ ארויסגערופֿען אַזאַ מין אכזריות׳דיגע שנאה. דער אַנטיסעמיטיזמוס איז נישט אַ זאַך וואָס איז א יוצא מגדר הטבע, אוננאַטירליך: ער איז אַ רעזולטאַט פֿון דער געזונדער טענדענץ ביי די יודען צו אַ זעלבסטשטענדיגען לעבען פֿון איין זייט, און פֿון זייער משונה׳דיגער לאגע צווישען אַנדערע פֿעלקער (דאס פֿעהלען פֿון אן אייגען לאנד) פון דער אַנדער זייט [1]. ס׳פֿארשטעהט זיך, אז דער אנטיסעמיטיזמוס, זייענדיג אַ פֿאָלגע פֿון דער נאציאָנאַלער טענדענץ ביי אונזער פֿאָלק, ווערט מיט דער צייט אַליין אומגעדרעהט אין אַ סיבה, וואָס ערוועקט דאָס נאַציאָנאַלע בעוואוסטזיין און די ענערגיע פֿון די יודישע

[1] דער זעלבער געדאַנק, האָטש אין אנ׳אנדער פֿארם, איז ארויסגעזאָגט געוואָרען אין דעם אַרטיקעל פֿון ד״ר סירקין: „די לעצטע אורזאַכע אַלער יודען־פֿערפֿאָלגונגען און דער ציוניסמוס" (שטימע דער וואהרהייט, באַנד I). ער קומט צו אזא רעזולטאַט: „די יודען־פֿיינדשאַפֿט איז נישט קיין צייטיגע ערשיינונג. נאָר די פֿאָרמען בייטען זיך ווען עס בייטען זיך די צייטען, נאָר די צייטיגע סבות פֿאַרענדערן זיך צוזאַמען מיט די ליידענשאַפֿטען פֿון די פֿאָלקס־מאסען וואָס באַוועגען זיך און ווערען איבערגעאַנדערשט, איהר תמצית אָבער בלייבט פונקט דער זעלבער אין וועט דער זעלבער בלייבען, ביז וואַנען דאס יודישע פֿאָלק וועט בלייבען שוואַך און צושטרייט צווישען אַנדערע פֿעלקער און וועט זיין אָבהענגיג פֿון זייער חסר" (דף 174). דער חסרון פֿון דער פֿאָרמולירונג באשטעהט נאָר אין דעם, וואָס זי רעדט נאָר וועגען נעגאַטיווע עלעמענטען און זוכט נישט אָן אויף דער פּאָזיטיווער זייט, אויף דער טענדענץ פון דעם יודישען פֿאָלק אָבצוהיטען שטענדיג און אומעטום זיין נאַציאָנאַלע זעלבסטשטענדיגקייט, דאָס הייסט, אויף דאָס שטרעבען ווידער אויפֿצולעבען זיין אייגענעם שטאַאטליכען לעבען.

מאַסען, דעם פֿאקט, וואָס א פֿאָלגע ווערט מיט דער צייט אליין אַ סיבה באגעגענען מיר אין דעם גאַנצען לעבען, אי אין דעם אָרגאַנישען אי אין דעם סאָציאַלען. עטליכע פֿיליסטערן האָבען זיך דערפֿון גענומען אַ ראיה, אז דעם וואָרצעל פֿון דעם ציוניזמוס דאַרף מען זוכען אין אַנטיסעמיטיזמוס, און דאס האט געצוואונגען אונזערע מעטאַפֿיזיקער־אידעאָלאָגען, וועלכע עס סטייעט נישט קיין כח צו באקלערען אַ זאַך מיט אַ קלאָרען קאָפּ, אָפּצולייקענען די גאַנצע פעולה פֿון דעם אַנטי־סעמיטיזמוס ביי דער ענטוויקלונג פֿונ׳ם נאַציאָנאַל יודישען רעיון או. נאַציאָנאַל־יודישער אַרבייט.

אָט די דאָזיגע צוויי פֿאַקטאָרען, וואָס זענען צווישען זיך פֿאַר־בונדען ווי די סיבה מיט דעם פֿאקט גופֿא: דאס היסטאָריש־באוויעזענע שטרעבען פֿון די יודען צו פֿארהיטען זייער נאַציאָנאַלע אינדיווידואַליטעט און דער אַנטיסעמיטיזמוס, בילדען דעם אידעאָלאָגישען פֿונדאַמעט פֿון דעם ציוניזמוס. עס איז שוין לאַנג אַריבער די צייט, ווען אונזערע עם־הארצ׳ישע אָדער לייכטזיניגע מאַרקסיסקען האָבען געקאָנט מיט א גרויסער העזה בעהויפּטען, אז די דאָזיגע ביידע פֿאקטאָרען וועלען פֿאַרשווינדען ווי נאָר דער קאַפּיטאַליסטישער בנין וועט פֿאַלען.

קויטסקי אַליין טרייסט דוקא נישט די יודען אין זיין אַרטיקעל וועגען דער קישינובער טראַגעדיע מיט „צוקונפֿטס־שטאאט", ניין ער שטעלט דאס פֿארשווינדען פֿונ׳ם אַנטיסעמיטיזמוס אין א פֿאַרבינדונג מיט דעם פֿערשווינדען פֿון די יודען צווישען די אלגעמיינע מאַסען פֿון דער בעפֿעלקערונג. נאָר די דאָזיגע פֿאַקטאָרען, האָטש זיי האָבען אַ גרויסע סאָציאַלע בעדייטונג, זענען נישט דער איינציגער מקור פֿון דעם ציוניזמוס. ווי מיר האָבען שוין אין אַ פֿריערדיגען קאפּיטעל באוויעזען זענען די דאָזיגע פֿקטאָרען נישט קיין איזאָלירטע, נישט קיין אָפּגעטהיילטע פֿון אַלע איבעריגע, אדרבא זיי זענען געקניפּט און געבונדען מיט מאַטעריאַלע פֿאקטאָרען, וואָס האָבען אַ גרויסע ווירקונג געהאַט אויף דעם גאַנג פֿון דעם יודישען לעבען, אמאָהל ווי דער פועל־יוצא — די פֿאָלגע — פֿון אידעאָלאָגישע סבות, אַ מאָהל ווי אַ סבה פֿון זיי. וואָרום דאָס לעבען פֿונ׳ם פֿאָלק איז, ווי מיר האָבען שוין געזאָגט, שטענדיג אַ רעזולטאַט פֿון דער אידעאָלאָגיע און פֿון דער עקאָנאָמיקע, פֿון גייסטיגע און מאַטעריאלע אינטערעסען. א חוץ דעם דאַרף מען נישט ארויסלאָזען פֿון זינען, אַז די אידעאָלאָגישע פאקטאָרען האַבען אין דעם ציוניזמוס בכלל א גרויסען חלק, אָבער א סך א קלענערען אין דעם פועלי־

ציוניזמוס. אמת טאקי, אונזער יודישער פראלעטאַריאַט איז דער רעכטע טרעגער פֿון אונזער נאציאָנאלער קולטור ווי מיר זעהען דאָס ביי אלע פֿעלקער, אז נישט די העכערע קלאסען, נאָר די ארבייטער־מאסען ברענגען די גרעסטע קרבנות פֿאר זייער נאַציאָנאַלער קולטור. די בורזשואַזיע, וועלכע לויפֿט נאָך דעם עגל הזהב, קאָן זיך גרינג אָבזאָגען פֿון איהרע נאַציאָנאַלע בעזונדערהייטען, אַ ראַיה איז, וואָס די מערב־אייראָפּעאישע יודען, וועלכע געהערען נאָך זייער מצב צו דער בורזשואַזיע, האָבען זיך גאָר אָהן שום מאַטערניש גענומען צו דער אַסימיליאַציע, דער אַרבייטער־קלאַס אָבער, ווי נאָר עס ווערט אין איהם ערוועקט דאס בעוואוסטזיין, גיט זיך קיינמאָהל נישט אונטער דער אַסימילאַציע.

אין דיעזער פֿראגע האט אויך מארקס געמאכט אַ גרויסען היסטאָרישען פֿעהלער, בעת ער האט געגעבען אַן עצה די יודען און אויך די קליינע סלאַווישע פֿעלקער, ווי למשל די טשעכען, און די דרום־דינגע סלאַווען, זיך צו אַסימילירען. אין יאָהר 1849 האט מאַרקס אין זיינע אַרטיקעל „דער דעמאָקראַטישער פּאַנסלאַוויזמוס" און „אונגאַרן" אָבגעלייקענט דאס רעכט פֿון נאציאָנאַלער זעלבסטבעשטימונג פֿאַר אַלע סלאַווישע פֿעלקער, וועלכע בעוואוינען די עסטרייכיש־אונגאַרישע מלוכה, אַ חוץ די פּאָלאקען. ער רעדט מיט איראָניע וועגען אַלע דיעזע „פֿעלקער" און „פֿעלקערלאך". און גיבט זיי אַן עצה, אַז זיי זאָלען זיין דאַנקבאַר די דייטשען און די אונגאַרן, דורך וועמענס הילף זיי האָבען בעקומען די אייראָפּעאישע קולטור. מאַרקס האט אַפילו נישט פֿאָראויסגעזעהן, אַז די „פֿעלקער און פֿעלקערלאך" האבען אַזוי פֿיעל לעבענס־כח, אַז זיי וועלען אין גיכען זיין ביכולת איבער צו אַנדערשען דאס גאנצע סאָציאַל־פּאָליטישע לעבען פֿון דער עסטרייכישער מלוכה. ווער וועט היינט די העזה האבען אָבלייקענען דאָס רעכט פֿון נאַציאָנאַלער זעלבסט־בעשטימונג פֿאַר די טשעכען, קראָאַטען און די אַנדערע דרום־סלאַווישע אומות? פֿאר וועמען איז דאָס היינט נישט קלאָר, אַז דיעזע פֿעלקער, בעפֿרייענדיג זיך פֿון דעם פֿרעמדען יאָך קעמפֿען היינט מיט, צוזאַמען מיט די גרויסע אייראָפּעאישע פֿעלקער, פֿאר דעם אַלגעמיינעם סאָציאַליסטישען אידעאַל? זעהט מען דען נישט בחוש, אַז די פּראָלעטאַרישע בעוועגונג און אויך דער אַלגעמיין־מענשליכער פּראָגרעסס האָבען געוואונען דורך דעם, וואָס די קליינע פֿעלקער לעבען איצט אַ זעלבסטשטענדיג פּאָליטיש־קולטורעלעס לעבען? אוודאי האָט מאַרקס אַ טעות געהאט אין דיעזער פֿראַגע, און רעכט האָט געהאַט

לאַסאַל, ווען ער האָט געשריעבען: „דאָס פּרינציפּ פֿון פֿרייע און אונאַבהענגיגע פֿעלקערשאַפֿטען איז דער יסוד און די קוועלע, די מוטער און די וואָרצעל פֿון דער דעמאָקראַטיע איבערהויפּט. די דעמאָקראַטיע, וועלכע טרעט מיט די פֿיס דאָס נאַציאָנאַליטעטען־פּרינציפּ, הרג׳עט זיך אליין אַוועק, בענראָבט איהר אייגענע עקסיסטענץ, פֿארניכטעט דעם יסוד פֿון איהר אייגענער טהעאָרעטישער בערעכטיגונגען און ווערט אונטריי זיך אַליין און לייקענט אָב איהרע אייגענע גרונדפּרינציפּען״. די „אונטער־נאציאָנאלע״ האָט אין איהר אָפּיציעלען אָרגאַן אָהן אויפֿהער געפּרעדיגט, אַז אַלע פֿעלקער, אַפּילו די קלענסטע, האָבען דאָס רעכט אויף זעלבסטשטענדיגקייט, ווייל זי האָט פֿארשטאנען, אז דאס פּראָלעטאַריאַט גופֿא איז פֿאראינטערעסירט אין דער פֿרייער ענטוויקלונג פֿון זיין נאַציאָנאלער קולטור. דען נור אין זיין נאציאנאלער פֿאָרם קאָן ער אין זיך אויפֿנעהמען די אלגעמיין מענשליכע קולטור. די היסטאָרישע ענטוויקלונג פֿון לעצטען יאהר־הונדערט בעווייזט אונז אַם בעסטען די ריכטיגקייט פֿונ׳ם פּרינציפּ פֿון דער פֿרייער נאציאָנאליטעט. אין דער לעצטער צייט האָבען סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פֿיהרער פֿאַרלאָזען דעם אַלטען בורזשואזנעם אידעאַל פֿון קאָסמאָפּאָליטיזמוס און באקענען זיך אָפֿען צום פֿאָרשריטליכען פּרינציפּ פֿון זיך פֿריי־ענטוויקעלנדע נאַציאָנען. פּערנערסטאָרפֿער שרייבט: „דער סאָציאליזמוס און די נאַציאָנאלע אידעע זענען נישט נאָר נישט קיין היפּך איינ׳ס פֿונ׳ם אַנדערע, זאָנדערן זיי ערגענצען זיך גאָר. יעדע פּראָבע, די נאציאָנאלע אידעע צו שוואַכען פֿאַרקליינערט דעם רייכטהום פֿון דער מענשהייט... דער סאציאליזם ווייל די מענשהייט אָרגאניזירען — נישט אַטאָמיזירען״.

צעטיילען און אויך דער יודישער פּראָלעטאַריאַט, זייענדיג געטריי דעם שטרעבען פֿונ׳ם יודישע פֿאָלק צו נאציאנאלער זעלבסט־ערהאַל־טונג, זייענדיג געטריי דעם דעמאָקראַטישען פּרינציפּ פֿון דער פֿרייער נאציאָנאליטעט, און גענויטיגט דורך זיין אייגענע קולטורעלע אינטערעסען, ווערט מוזען שטרעבען צום באַשאַפֿען פֿון אַלע בעדינגונגען פֿאַר א נאָרמאלנע און פֿולע ענטוויקלונג פֿון זיין נאציאָנאלער קולטור. דאָס איז דער ערשטער יסוד פֿונ׳ם פּועלי־ציוניזמוס. ווייל ווער עס זאָגט — נאַציאָנאַלע זעלבסטשטענדיגקייט, מוז אויך זאָגען — נאַציאָנאַלע ווירטשאַפֿט. עס איז נישט מעגליך קיין שום אידעאלאָגיע אָהן א מאַטעריאַלנער פֿונדאַמענט; אָבער דער עקאָנאָמישער פֿאַקטאָר אַליין נויטיגט דאָס יודישע פּראָלעטאַריאַט צו שטרעבען צו א זעלבסט־

שטענדיגען טעריטאָריום. דער פועלי־ציוניזמוס איז ארויסגערופען געוואָרען דורך דיזע צוויי פֿאַקטאָרען: דורך דעם אידעאָלאָגישען־קאמפּף פֿאר די נארמאַלע ענטוויקלונג פֿון דער יודישער נאציאָן, דורך דעם מאַטעריעלען־קאַמפּף פֿאַר נאָרמאַלע עקאָנאמישע לעבענסבעדינגונגען. וועגען דעם צווייטען פֿאַקטאר רעדען מיר אין די ווייטערע קאַפּיטלען.

---

V.

## דעם מצב פֿונ'ם פּראָלעטאַריאַט קען מען פֿאַרשטעהן נאָר דורך דעם אַנאַליז פֿון דער נאַנציאָנאַלער ווירטשאַפֿט, די געשיכטע פֿון דער יודישער עקאָנאָמיע. די איצטיגע עקאָנאָמישע לאַגע פֿון די רוסישע יודען. אַביסיל סטאַטיסטיקע. דער פּאָטענציאַלנער יודישער פּראָלעטאַריאַט. די טענדענץ אין דער עוואָלוציאָן פֿון דער רוסיש־יודישער עקאָנאָמיע. וואָס הייסט נאָרמאַלע פּראָלעטאַריזאַציע?

כדי צו פֿארשטעהען די שפּעציעלע לאגע פֿון דעם יודישען פּראלעטאריאַט, מוז מען קודם כּל גוט קענען דעם עקאָנאָמישען מצב פֿון דעם גאַנצען יודישען פֿאָלק. בכלל איז אונמעגליך ארומצונעהמען די לאַגע פֿון א וואסערען עס איז קלאס נישט אין זיינע נאַציאָנאַלע ראַהמען, אמת טאַקי, צווישען דער עקאָנאָמישער לאַגע פֿון דעם ענגלישען, דייטשען, פֿראַנצויזישען א. ז. וו. פּראָלעטאַריאַט זענען פֿארהאַן זעהר פֿיעל אלגעמיינע פּונקטען, אָבער עס זענען אויך פֿארהאַן גרויסע חילוקים צווישען זיי. פֿארוואס איז אין ענגלאַנד, וואו דער קאפּיטאַליזמוס האָט זיך פֿריהער און שטארקער ענטוויקעלט, ווי אומעטום, דער סאָציאליזמוס זעהר שוואך, דערפֿאר זענען זעהר שטארק די סינדיקאלנע ארגאניזאציעס, בשעת אין דייטשלאַנד, וואו דער קאפּיטאַליזמוס האָט זיך ערשט נישט לאַנג אָנגעהויבען צו ענטוויקלען, איז די פּאָליטישע סאָציאל־דעמאָקראַטיע זעהר שטארק? אויף אזעלכע און כדומה א זעלכע קשיות קאן מען קיינמאל קיין תירוץ נישט געפֿינען, ווען מיר וועלען זיך נישט ארייגלאָזען אין אַ געשיכטליכע חקירה איבער יעדען איינציגען לאנד, פֿון יעדער איינציגער נאציאן, און די געשיכטע פֿון א פֿאָלק קאן מען נישט דרעהען וואוהין מען

זיל, קאָן אויף איהר נישט מאכען קיין פירושים, נאר מען דאַרף זי נעהמען אין איהר גאַנצהייט ווי זי איז, ווארום די נעגענווארט איז דער רעזולטאַט פון דעם עבר. די שפּעציפישע צדדים אין דעם כאראקטער פון דעם ענגלישען פּראָלעטאַריאַט, וואָס אונטערשיידען איהם פון׳ם דייטשען, קאָנען ערקלערט ווערען נאר דורך דער גאַנצער געשיכטע פון ענגלאנד. די געשיכטע פון דעם ענגלישען פּראָלעטאַריאַט העננט אָב פון דער געשיכטע פון׳ם ענגלישען קאַפּיטאַליזמוס, און די לעצטע איז ווידער נישט מעהר, ווי א רעזולטאַט פון די ענגלישע ערד־בע־הערשונג און ערד־בעאַרבייטונג. דאס זעלבע קאָן מען זאָגען וועגען דעם פּראָלעטאַריאַט פון יעדוועדען לאַנד. א פּשיטא שוין, אז דער דאזיגער כלל איז זעהר אנגעמאָססען פאַר דעם יודישען פּראָלעטאַריאַט, ווארום זיין גורל איז שטענדיג פאַרבונדען מיט דער גאַנצער עוואָלוציע פון דעם גאַנצען יודישען פאָלק, שוין דער פאַקט גופא, וואס דער יודישער פּראָלעטאַריאַט מוז זיך שטעלען א זעלכע אויפגאַבען, וועלכע קיין פּראָ־לעטאַריאַט אין דער וועלט האט אויף זיך נישט געהאַט, ווי די דערגרייכונג צוזאַמען מיט אַנדערע קלאַסען פון דעם יודישען פאָלק פון אַנ׳אייגענער טעריטאָריע — דאס אליין באַווייזט שוין, אז יודישע עקאָנאָמיקע קען נאר דאַמאָלסט פאַרשטענדליך ווערען, ווען מיר וועלען אַנאַליזירען די עקאָנאָמיק פון דעם גאַנצען יודישען פאָלק, וועלכע איז ווידער א רעזולטאַט פון דעם טויזענד־יאָהריגען יודישען גלות. מיר ענטדעקען דערמיט נישט אַמעריקא, און מיר וואָלטען געהאַלטען אַט דעם גאַנצען שמועס פאַר אַנ׳איבעריגען, ווען עטליכע פון אונזערע חברים (אין רוס־לאַנד) וואָלטען אונז נישט געוויעזען, אז דוקא אַקסיאָמען (קימא־לן׳ס) פאַרגעסט מען זעהר גרינג.

אין דער דעקלאַראַציע פון די רוסישע ציוניסטען סאָציאַליסטען [1] הייבט זיך אָן די יודישע געשיכטע מיט דער עפּאָכע „פון דער ענט־וויקלונג פון׳ם קאַפּיטאַליזמוס אין רוסלאַנד“. אַט דעמאָלט, ווען דאס קלאַסען־בעוואוסטזיין האט זיך אָנגעהויבען צו ענטוויקלען צווישע־דעם יודישען פּראָלעטאַריאַט. האט דער לעצטער אָנגעהויבען צו פירען שטעהן, אז „די יודישע אַרבייטער־פראַגע קאָן ניט פערטרונקען ווערען אין דער אַלגעמיינער אַרבייטער־פראַגע. פון די לענדער, וואו יודען

[1]) דעקלאַראַציאָן הערויסגעגעבען פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער אַרבייטער־פּאַרטיי.

געפֿינען זיך, און קאן נאר דאן געלעזט ווערן, ווען דאס יודישע פֿאלק וועט בילדען אַ זעלבסטשטענדיגע געזעלשאַפֿט אויף אַ אייגענעם טעריטאריום". אונז לעגט זיך עפּעס אויפ'ן זינען נישט, ווי אזוי האט דאס אליין ענטוויקלונג פֿונ'ם קאפּיטאליזמוס אין רוסלאנד געקאנט ברענגען דעם יודישען פּראלעטאריאט צו אַזעלכע מחשבות. ווער איז אין דעם שולדיג: די עוואלוציאן פֿון דעם רוסישען קאפּיטאליזמוס, אדער פֿון דעם יודישען פֿאלק בכלל? פֿאר וואס קאן אין דער אמת'ען די יודישע ארביטער פֿראַגע „נישט פֿערטרונקען ווערען אין דער אַל־געמיינער ארבייטער פֿראגע" ? אנ'עבירה, וואס די מחברים פֿון דער דעקלאראציע האבען זיך געפֿוילט בעסער באקלערען אפילו די פֿרישינקע נאך היסטארישע עפּאכע, וואס אויף איהר חקירה האבען זיי געבויט זייער גאנצען בנין. ס'איז פּשוט נישט אמת, אז מ'ט דער ענטוויקלונג פֿונ'ם קלאסען בעוואוסטזיין האט דער יודישער פּראלעטאריער זיך גע־מאכט צום שכל וועגען דער נויטווענדיגקייט פֿון אַ זעלבסטשטענדיגען טעריטאריום. אמת איז אָט דאס: 1) די נויטווענדיגקייט צום אויפֿלעבען די יודישע מדינה האט פֿריהר פֿון אלעמען דערקאנט די קליין־בורזשו־אזיע, וואס איהר עקאנאמישער מצב איז געווארען אַ קריטישער, מיט איהרע אידעאלאגען; 2) דער יודישער פּראלעטאריאט איז אין אנהייב אריינגעטרעטען אין די רוסישע רעוואליציאנערע פּארטייען, דערנאך האט ער געבילדעט אַ בעזונדערע פּארטיי, דעם „בונד", וועלכער האלט אבער־פֿונקט פֿארקעהרט, אז מען דארף און מען קאן די יודישע ארבייטער פֿראגע דערטרינקען אין דער אלגעמיינער ארבייטער פֿראַגע. ערשט שפּעטער, אונטער דער השפּעה פֿון דעם ציוניזמוס, האָט דער „בונד" אנגעהויבען רעדען מכּח אַ קולטור־נאציאָנאלע אויטאָנאָמיע און נאך שפּעטער האט זיך געלאָזט הערען דער פּועלי־ציוניזמוס. מיר ווילען דערמיט קיינעם נישט ארייננהאפּען אין אַ טעות, דער עיקר איז פֿאר אונז צו באווייזען, אַז די פֿראַגע גופֿא איז פֿאליש געשטעלט געוואָרען.

די משונה'דיגקייט אין דער איצטיגער לאגע פֿון דעם יודישען פּראָלעטאריאט האט איהר שורש אין דער עקאנאמיע פֿון דעם גאנצען יודישען פֿאָלק, ובכן אין דער גאנצער היסטארישער עוואלוציע פֿונ'ם יודענטום אין גאנצען משך פֿון זיין גלות. נאר דאמאלס, ווען מיר וועלען אכטען די פֿראגע אין איהר גאנצער דיאַלעקטישער ענטוויקלונג וועלען מיר קומען צו ריכטיגע רעזולטאַטען: נאר דאמאלס וועלען מיר פֿארשטעהן די אמת'ע סיבה, פֿאר וואָס דער יודישער פּראָלעטאַריאַט

האט זיך נעדאַרפֿט האפען צום שכל, אַז פֿאַר איהם איז נויטיג די דערגרייכונג פֿון אנ'איינען לאנד.

פֿאַרגלייכענדיג די עקאָנאָמישע עוואלוציאָנען פֿון אלע פֿעלקער־אין אייראפא, נאך דעם חורבן פֿון דער רוימישער מלוכה, מיט דער עוואלוציע פֿון דעם יודישען פֿאלק אין דער זעלבינער צייט, באמערקען מיר צוויי ענטגעגענגעזעצטע ענטוויקלונגסטענדענצען.

ביי אַלע אייראָפּעאישע פֿעלקער געפֿינען מיר די זעלבע ווירטשאַפֿטליכע ענטוויקלונג. אין אנהויב נאַטוראל־ווירטשאַפֿט אויף דעם יסוד פֿון ערד ארבייט די זיך פֿאַרשפּרייטענדע קולטור און די שטענדיג גרעסער ווערענדיגע באַפֿעלקערונג שאַפֿען אַ קלאס פֿון בעלי־מלאכות, וואָס לעבט אין דירעקטער אבהענגיגקייט פֿון אַקערבוי און אַ קלאס פֿון הענדלער. עס ערשיינט די געלד־ווירטשאַפֿט. דורך דעם, וואָס עס ווערען פֿערגרעסערט די באדערפֿניסען,— וועלכע פֿיהרען צו אַ פֿאַרשטאַרקטען בייט פֿון סחורות, און דורך די פֿאַרשטארקונג פֿון דער שטאַטליכער מאַכט. דערנאך קומט די עפּאכע פֿון מאַנופֿאַקטור־אינדוסטריע און גרויס־האנדעל, דאס הייסט די עפּאכע פֿונ'ם קאַפּיטאַליזמוס, וועלכער האָט צוויי וואָרצלען: פֿון איין זייט די ערד־רענטע, דורך דאָס פֿאַרכאַפּען פֿון ערד דורך די פּעאָדאַלען און דורך דאס צוזואַכסען פֿון די פויערים צו דער ערד, און פֿון דער אנדערער זייט — דורך דעם פּראָגרעס פֿון האַנדווערק און מסחר. עס הייבט זיך אָן די פּעריאָדע פֿון גרויס־קאַפּיטאליסטישער ווירטשאַפֿט און איהרע פֿאָלגען: דער פֿאַבריקס פּראָלעטאַריאט, וואָס האט נישט קיין ערד — און נישט קיין פּראדוקציאָנס־מיטלען. עס ענטוויקלען זיך זעהר שארפֿע קלאסענגעגענזעצען און דער קלאסענקאמפף, וואָס האָט צום ציעל די איינפֿיהרונג פֿון דער סאָציאליסטישער אָרדנונג. דער הילוק אין דיזער עוואלוציאן איז ביי פֿאַרשיעדענע פֿעלקער בלויז אַ צייטליכער: אין איין מדינה גיכער, אין אַ אַנדערער פּאמעליכער. נאָר איין פֿאָלק מאכט נישט דורך דיזע פּראָגרעסיווע עוואָלוציאן! נור דאס יודישע פֿאָלק האט אין דיזער צייט דורכגעמאכט אַ רעגרעסיווע (צוריקגעהענדע) עוואלוציע. שוין אין רוים זענען די יודען געווען בעלי־מלאכות, סוחרים און גרויסע־ערד־באזיצער. די בבא־מעשה, אז די גלות־יודען האבען קיין מאל נישט געהאט דאס רעכט אויף צו באזיצען ערד איז שוין צושטערט. זיי זענען געווען גרויס־ערד־בעזיצער נישט בלויז אין איטאליען, נור אויך אין

שפאניען, פֿראנקרייך און דייטשלאַנד. אלס רוימישע בירגער האָבען די־ יודען, גלייך ווי אלע אנדערע רוימישע בירגער, געהאט דאס רעכט צו באקומען אַ דריטעל פֿון דער ערד, וועלכע די נייע פֿעלקער האבען קולטיווירט. די יודען זענען אבער נישט געווען קיין ערד־אַרבייטער, נור ערד־באזיצער. צום בעארבייטען די ערד האבען זיי פֿאַרווענדעט שקלאַווען. מען דארף נישט פֿארגעסען, אז די יודען האבען אין יענער צייט גע־ פֿיהרט דעם גרעסטען מסחר מיט שקלאַווען. אזוי אז בעת ביי אלע איי־אָפּעאישע פֿעלקער איז נאך געווען נאטוראלעווירטשאפֿט, זענען די יודען שוין געווען כמעט די איינציגע פֿארטרעטער פֿונ'ם קאפּיטאליזמוס. זאָמבארט רופֿט דאס אָן „יודישער אלט־קאפּיטאליזמוס". די יודען האבען דעמאלט געפֿיהרט אַ גרויסען מסחר מיט ערד, וועלכע זיי פֿלעגען פֿארקויפֿען גייסטליכע און וועלטליכע אריסטאָקראַטען. [1] ערשט אין זיבעטען יאהרהונדערט פֿארליערען די יודען לחלוטין דאס רעכט, ערד צו בעזיצען. זיי זענען געניטיגט זייער ערד צו פֿארקויפֿען. מען האט ביי זיי די ערד נישט מיט געוואלט אוועקגענומען, זיי האבען פֿאר איהר בעקומען געלד. פֿון דענסטמאל אן זיינען די יודען געוואָרען סוחרים, זיינען זיי געווארן גרויס־הענדלער מיט סחורות. זיי האבען געהאנדעלט מיט שקלאווען, מיט צירונג, מיט טעפּיכען, (קאווריעס) געווירצען, אי־ בערהויפּט מיט אלע פּראדוקטען פֿון די מזרח־לענדער.

---

[1]) „ווען זיי (די יודען) האָבען זיך נישט באשעפֿטיגט מיט קיין ערד־ אַרבייט, ווען זיי זענען נישט געווען קיין ערדאַרבייטער, איז דאָס נישט דערפֿאַר ווייל זיי האָבען קיין ערד נישט געהאט, ווי אנדערע האָבען דאָס אָפּט באַ־ הויפּטעט; די געזעצען, וואָס האָבען באגרענצט דאָס רעכט פֿון יודען אויף אייגענ־ טום (אויף אייגענע ערד), זענען געקומען אסך שפּעטער, ווען די יודען האָבען זיך שוין לאַנג באזעצט אין לאַנד ד. ה. ערשט אים 7 — 6 יאַהרהונדערט. זיי האָבען ערד געהאט, נאָר זיי האָבען זי בעאַרבייט דורך קנעכט ווייל זייער שטאַרקער פּאַטראָטיזמוס האָט זיי נישט דערלאָזען אַליין פֿרעמדע ערד צו בעאַר־ בייטען, אָט דער דאָזיגער פּאטריאָטיזמוס, וואָס זיי האָבען איהם פֿארקניפּט מיט דער קדושה פֿון דער פּאַלעסטינער היים, אָט די אילוזיע — וואָס ביי זיי איז זי אזוי לעבעדיג געבליבען — וועגען דער אויפֿלעבונג פֿון דער דאָזיגער היים,— און אָט דער משונה'דיג־שטאַרקער גלויבען, וואָס האָט זיי געניטיגט צו קוקען אויף זיך, ווער אויף גלות־לייט, וואָס וועלען ווידער אמאהל דערלעבען זעהען די היילגע שטאָדט — האָט זיי געשטופּט צום מסחר מעהר ווי אַלע אנדערע פֿרעמדע אין קאלאניזאטאָרען". בערנאַרד לאַזאַר „דער אַנטיסעמי־ טיזמוס" פּאַריז 1894-זייטע 110-109. דרך אגב — אַ ביישפּיעל פֿון דער ווירקונג, וואָס די אידעאלאָגיע האָט אויף דער עקאָנאָמיע.

די יודישע קאראוואנען האבען ארומגעצויגען דורך גאנץ אייראפא פֿון שפאניען ביז צום קאַווקאַז, פֿון צפון־ענגלאנד ביז קליין־אזיע, און אפילו נאך ווייטער. דיזע עפאכע פֿון גרויס־האנדעל מיט סחורות האט געדויערט ביז צום סוף פֿונ׳ם צעהנטען יאהר־הונדערט, אין וועלכער צייט די גרויס־הענדלער פֿון די איטאַליענישע שטעדט, הויפטזעכליך פֿון ווענעציע, האבען פֿארנומען די עקאנאמישע פֿונקציע פֿון די יודען. די יודען ווערען גענויטינט צו ווערען גרויס־הענדלער מיט געלד, — פּראַצענטניקעס. אין דער צייט הייבען זיך אן די רדיפות געגען יודען: זיי פֿארליערען זייער פּערזענליכע פֿרייהייט, און ווערען שטאַרק עקספּלואַטירט פֿון זייערע כלומר׳שטע באשיצער. און צום סוף פֿון 13־טען יאהר־הונדערט ווערט זייער מצב נאך ערגער: זיי ווערען ארויסגעשטיפּט אויך אויס דעם געלד־מסחר. א טהייל פֿון זיי וואנדערט אויס אין די מזרח־לענדער פֿון אייראפא, און א טהייל געהט איבער צו קליין־מסחר און צו האנדווערק. אין יאהר 1492 ווען די יודען ווערען ארויסגעטריבען פֿון שפאניען, שיקט דער שני־למלך פֿון דער אינזעל סיציליען אַ פּעטיציע צום קעניג, וואו ער בעט אינ׳ם נאמען פֿון דער באַפֿעלקערונג, אז מען זאל די יודען פֿון סיציליען נישט פֿארטרייבען, ווייל דאס לאנד וועט בלייבען אהן בעלי־מלאכות. די יודישע ווירטשאַפֿט געהט צוריק, דאס יודישע פֿאלק ווערט ארים, עס הויבט אן ערשיינען א קלאס פֿון לופֿטמענשען. אזוי איז אויך געווען אין פּוילען. אין אנהויב זענען זיי געווען רעפּרעזענטאנטען פֿון גרויסען געלד־קאַפּיטאל: זיי פֿערוואלטען די פֿינאנצען פֿון דער מדינה, זיי זענען די פּעכטער (אטקופּשטשיקעס) פֿון די שטייערן, און ערשט שפּעטער ווערען זיי ארויסגעשטיפּט פֿון דיזער פֿונקציע, און ווערען אויך גענויטיגט צו ווערען קליין־הענדלער און, שפּעטער, בעלי־מלאכות. ערשט אים 19־טען יאהרהונדערט הויבען זיי אן צוריקצוגעהען צו ערדאַרבייט. פֿון אנהייב אין רוסלאנד, און דערנאך אין אנדערע לענדער: נישט אלס ערד ב א ז י צ ע ר, נאר אלס ערד ארבייטער. — בקיצור די אייראפּעאישע פֿעלקער הייבען אן זייער ווירטשאַפֿטליכע עוואלוציע מיט ערד־ארבייט און ענדיגען מיט גרויס־קאפּיטאליזמוס, זיי מאכען דורך דיזע ענטוויקלונג פֿון א י נ ו ו ע נ ד י ג א ר ו י ס, נ א ט י ר ל י ך. די גלות־יודען הייבען אן מיט גרויס־קאפּיטאליזמוס און ענדיגען מיט א שוואכער טענדענץ צו ערד־ארבייט. ערשט אין די לעצטע 25 יאהר באנינען די יודען צו קומען אויף׳ן וועג פֿון אינדוסטריאליזאציע, מיט דער ענטוויקלונג פֿון

קאפיטאליזמוס און פֿון די פֿארקעהרסוועגען אין די לענדער פֿון מזרח־אייראפא, אז פֿון איין זייט האבען די פֿאבריק־פראדוקטען אנגעהויבען געוועלטיגען אויף די מערק, און פֿון דער אנדערער זייט האט די ענטוויקלונג פֿון פֿארקעהרסוועגען געבראכט צום איינשטעלען זיך פֿון א גלייכען, דירעקטען פֿארקעהר, צווישען דעם ערצייגער (פראדוצענט) און דעם קונה (קאנסומענט), אהן שום מעקלערס, — דעמאלט האט אנגעהויבען איינפאלען די גאנצע יודישע, טראדיציאנעלע עקאנאמיקע. שטארקער פֿון אלע האט דערפֿון געליטען דער צאהלרייכער קלאס פֿון יודישע הענדלער: צעהנטויזענטער פֿאמיליען זענען געבליבען אהן ברויט, און דא האבען זיך די יודען א האפ געטהון צו א נייעם מין עקאנאמישער טהעטיגקייט, צו דער אינדוסטריע — אלס אונטערנעהמער און ארבייטער. די ענטוויקלונג פֿון דער יודישער עקאנאמיקע געהט פֿון אויסען, קינסטליך, נישט דורך די אינוועגדיגע דיפערענציאציע, נאר דורך אויסערע שטופעניש, וואס נויטהיגען די יודען פֿלוצים אוועקצואווארפֿען איין סאציאלע פֿונקציע און זיך האפען צו אנ׳אנדערער.

און איצט, ווען מיר האבען שוין אין אלגעמיינע שטריכען סקיצירט די געשיכטע פֿון דער יודישער עקאנאמיקע, וועלען מיר קאנען פֿארשטעהן די איצטיגע לאגע פֿון די יודען און די עקאנאמישע טענדענצען פֿון איהר צוקונפֿט. איינס מוז שוין אבער קלאר זיין: די געזעצען פֿון מארקס, וועלכע גרינדען זיך אויף דעם אנאליז פֿון דער אייראפעאישער ווירטשאפֿט, קאנען נישט אהן א שום הגהה אנגעווענדעט ווערען אויף די יודישע ווירטשאפֿט, וועלכע האט דורכגעמאכט א גאנץ אנדערע ענטוויקלונג. דיעזע הגהה (קארעקטור) מאכט דער פועלי־ציוניזמוס.

ווי איז דער איצטיגער עקאנאמישער מצב פֿון די יודען?
מיר הויבען אן מיט רוסלאנד.

אין גאנץ רוסלאנד זיינען פֿארהאן יודען נאך דער פֿאלקסצעהלונג פֿון 1897 (אין קיילעכדיגע צאהלען) 5,200,000, פֿון וועלכע 1,482,000 זיינען, נאכ׳ן חשבון פֿון בעסער און באלאה, קינדער, יונגערע פֿון 10 יאהר, ובכן מאכט אויס די ארבייטס־פֿעהיגע בעפֿעלקערונג — מאנסבילען און פֿרויען — אין גאנץ רוסלאנד 3,718,000 נפשות. נאך זייערע עקאנאמישע פֿונקציעס צוטהיילען זיי זיך אויף:

פויערים און די וואס בעשעפֿטיגען זיך מיט דארף ווירטשאפֿט 150,000 אדער 3% פֿון אלע יודען.

בעלי מלאכות: מייסטערס, געהילפען און לעהר יונגלאך
510,000 אדער 10% פון אלע יודען.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| פשוט׳ע ארבייטער[1] . . . | 100,000 | " | 2% | " |
| פאבריק־ארבייטער . . . | 50,000 | " | 1% | " |
| פאבריקאנטען . . . . | 5,000 | " | 0,1% | " |
| פרייע פראפעסיעס . . . | 100,000 | " | 2% | " |

די איבעריגע לעבען פון מסחר און פון... לופט.

א סטאטיסטיקע פון הענדלער האבען מיר נישט און דערום מוזען מיר זייער צאהל אויסרעכענען. דערביי דארף מען אבער מאכען דעם חשבון נישט פון די, וואס באשעפטיגען זיך מיט דעם עסק, נאר פון די, וואס ציעהען פון איהם זייער חיונה, דאס הייסט וואס לעבען אויפ׳ן חשבון פון דעם פארדיענער (ווייבער און קינדער). מיר דארפען אבער אויך נישט פארגעסען, אז אין עטליכע פראפעסיעס פארדיענען אויך ווייבער און קינדער. און דערום קאנען מיר נישט כפל׳ן די פריהער אויסגערעכענטע צאהלען אויף 5 (מיטעלמעסיגע צאהל נפשות אין א יודישער פאמיליע), נאר אויף 4, ווארום ווייבער און קינדער בילדען, נאך די סטאטיסטישע חשבונות, 1/4 פון אלע פאבריק־ארבייטער און 1/7 פון אלע בעלי־מלאכות. א חוץ דעם דארפען מיר באמערקען, אז אין דער גרופפע פון די פויערים זענען שוין אריינגערעכענט געווארען די ווייבער און קינדער. דאמאלס בעקומען מיר על פי רוב פאלגענדע ציפערן:

| | | | |
|---|---|---|---|
| פויערים | 150,000 נפשות | 3% | פון דער גאנצער יודישער בעפעלקערונג. |
| בעלי־מלאכות | 2,000,000 " | 38,5% | " " " |
| פשוט׳ע ארבייטער | 400,000 " | 8% | " " " |
| פאבריק ארבייטער | 200,000 " | 4% | " " " |
| פאבריקאנטען | 25,000 " | 0,5% | " " " |
| פרייע פראפעסיעס | 500,000 " | 10% | " " " |
| | 3,275,000 " | 64% | " " " |

נאך דעם חשבון לעבען פון מסחר סך הכל
[2] 1.925,000 36% " " "

[1] פשוט׳ע ארבייטער: טאגלעהנער; טשערנא ראבאטש.

[2] אונזערע ציפערן זענען אין אלגעמיינעם באשטעטיגט פון דער אפיציעלער סטאטיסטיק, וואס איז דא נישט לאנג ארויסגעגעבען געווארען פון דער רוסישער רעגיערונג.

מיר מוזען אָבער באמערקען, אַז די לעצטע צאָהל איז אָהן א שום ספק קלענער, ווי אין דער אמת'ן, און אַדרבא עטליכע אַנדערע צאָהלען זיינען געווים אַ גוזמא. למשל אין דער גרופפע פֿון די, וואָס באשעפֿטיגען זיך מיט דארף־ווירטשאפֿט זענען אַריינגערעכענט געוואָרען 12,901 נפשות, וואס געהען אַרוים אויפ'ן פֿעלד ארבייט. און אָט די זעלבע זיינען גערעכענט געווארען אויך אין דער צאָהל פֿון די פשוט'ע ארבייטער, און אין דער אמת'ן באשעפֿטיגען זיך די דאָזיגע נפשות מיט ערד־ארבייט נאָר אין א משך פֿון א פאָר זומערדיגע חדשים, און א גאנץ יאָהר לעבען זיי פֿון וואס עס מאכט זיך, זעהר אָפֿט פֿון קליינעטשקען האנדעל. אויף אזא אופֿן זענען אויך פֿארגרעסערט געוואָרען די צאָהלען פֿון די ערדארבייטער גופֿא און פֿון די אַרענדאַטאָר'ס (פעכטערס). אויך די צאָהל פֿון די, וואס לעבען פֿון פֿאבריק־ארבייט, איז פֿארגרעסערט. ווארום א גוטע העלפֿט פֿון די פֿאבריק־ארבייטער זענען נאך יונגע מענשען, וואס האבען נאך נישט התונה געהאט און פֿארדיענען קוים מיט צרות אויף זייערע אייגענע הוצאות. דאס זעלבע קאָן מען זאגען וועגען די פשוטע ארבייטער. דיעזער מיעוט ווערט אויס־געגליכען דורך די יונגע לייט, וועלכע דיענען ביי'ם מיליטער און דורך די, וואָס האָבען פשוט נישט קיין שום מיטעל צום לעבען, און לעבען פֿון גמילות־חסד.

שוין איצט איז שרעקליך די לאגע פֿון די יודישע בעלי־מלאכות און הענדלער, וואס מאכען אוים 75% פֿון דער גאנצער יודישער בעפֿעלקערונג אין רוסלאנד. אפֿשר 10% פֿון אָט דער גאנצער מאסע קאָן מען רעכענען פֿאר מעהר אדער ווייניגער באזאָרגטע מיט פרנסה. די אָפֿיציעלע אויספֿאָרשונג פֿון דער יודישער לאגע אין ווילנער גובערניע האט געוויזען, אז 4/5 פֿון דער דאזיגער באפֿעלקערונג לעבט פֿון לופֿט און שטויב, און דאס רופֿט ארוים פֿון איין זייט, א פֿארשטארקטע עמיגראציע, פֿון דער אנדער זייט, א פֿארשטאַרקטע שטארבליכקייט. די דאָזיגע גרויסע מאסע באשטעהט אין גאנצען פֿון קאנדידאטען אויף פראָלעטאריער. דאס הייסט, זי בילדעט די רעזערוו־אַרמעע פֿון דעם לופֿט־פראָלעטאריאט, וועלכע איז נישט זיכער אין דעם מאָרגענדיגען טאָג. מיר קאָנען זיך דאָ נישט אריין לאזען אין פרטים. מען קאָן זיי איצט געפֿינען אין דעם ,זאמעל־בוך פֿון מאטעריאלען איבער דער עקאנאמישער לאגע פֿון די יודען אין רוסלאנד", וואס איז נישט לאנג ארויסגעגעבען געווארען פֿון דער יק"א. ס'איז גענוג, ווען מיר ווייזען אָן אויף דעם

פֿאַקט, אַז 18% (כמעט אַ פֿינפֿטעל) פֿון דער גאַנצער יודישער באַפֿעלקערונג אין רוסלאַנד מוז אָנקומען צו נדבות, דאס הייסט, זי בילדעט אַנ׳אַרמעע פֿון קבצנים.

אָבער פֿיעל וויכטיגער פֿאַר אונז איז נאָך די טענדענץ פֿון דער עוואָלוציאָן אַ פּשיטא שוין איצטער, אין דער לעצטער צייט. ווען פֿיעלע האָפֿען, אַז די לאַגע וועט גאָר אין גאַנצען פֿאַרענדערט ווערען צום בעסטען דורך די ענדערונגען, וואָס וועלען איינטרעטען אין דעם סאָציאַל-פּאָליטישען לעבען אין רוסלאַנד בכלל און דורך דעם געבען די יודען גלייכע רעכט מיט דער גרונד-באַפֿעלקערונג בפרט.

אָהן אַ שום ספק וועט אַ שטיקעל שינוי לטובה איינטרעטען, אָבער די פֿאַרבעסערונג וועט אַנטרעפֿען הויפּטזעכליך די לאַגע פֿון יענע יודישע קלאַסען, וואָס זענען איצט אויך מעהר פֿון אַלע פֿאַרזאָרגט. אָבער וואָס איז שייך צו דער גרויסער מאַסע פֿון יודישע בעלי-מלאכות און הענדלער, די פֿאַרבעסערונג פֿון זייער לאַגע קאָן נישט לאַנג געדויערען. דער נייער סדר וועט אַרויסרופֿען צום לעבען אויך שיכטען פֿון דעם רוסישען פֿאָלק: די ענטוויקלונג פֿון פֿאַבריק-געשעפֿטען וועט על פּי הכרח אַליין מעהר און מעהר ארויסשטופּען פֿון מאַרק די פּראָדוקטען פֿון די בעלי-מלכות.[1] און דערביי דאַרף מען נאָך נישט פֿאַרגעסען אויף דער ענטוויקלונג פֿון אַ קריסטליכען קלאַס פֿון בעלי-מלאכה און די ענטוויקלונג פֿון דעם קאַפּיטאַליזמוס, וואס וועט מוזען פֿיהרען צו אַ פֿערקירצונג ביז צום מינימום פֿון דעם פֿאַרמיטלער-הענדלערישען קלאַס. אָט דאָ ליעגט די גאַנצע צרה און טראַגעדיע פֿון די רוסישע יודען: דער פּראָגרעס פֿונ׳ם גאַנצען לאַנד איז פֿאַר זיי טהיילווייזע קיין פּראָגרעס נישט, ווייל זיי

---

[1]) דער „בונד" טרייסט אונז אין זיין בראשורע „דער פּועלי-ציוניזם", אַז דאס האַנדווערק וועט נישט אזוי גיך ארויסגעשטיפּט ווערען דורך דער פֿאַבריק. פֿאַר „ארטאדאקסאַלנע מאַרקסיסטען" איז דאָס באַ־ת׳ן אַ גרויסע ענטדעקונג. ער האָט נאָר פֿאַרגעסען דעם כאַראַקטער פֿונ׳ם יודישען האַנדווערק, וואָס קאָן טאקי זעהר גיך קאנצענטרירט ווערען, ווייניגסטענס אין דער פֿאָרם פֿון מאַנופֿאַקטור, למשל אין דער קליידער-און שיך-אוינדוסטריע. און דאָס וואָס ער טרייסט זיך מיט דער ענטוויקלונג פֿון דער הויזאינדוסטריע — דער ערגסטער פֿאָרם פֿון עקספּלואַטאַציע — דאַכט זיך, אַז ער האָט נישט אזוי גיך אויף סאָציאַלע געזעצגעבונג, וועלכע מוז די הויז-אינדוסטריע באַגרענצען. מיר געבען איהם אַנ׳עצה, ער זאָל שטודירען דאָס פּראָגראַם-מינימום פֿון אַלע סאָצ. דעמ. פּאַרטייען און זיין אייגענעם פּראָגראַם.

באשעפטינען זיך על פי רוב מיט אבשטארבענדע פונקציעס פון דעם עקאנאמישען לעבען.

מען קען דאך אבער אונז פרעגען אזא מין קשיא: טאמער וועט אפשר די גאנצע יודישע מאסע געפינען מיט דער צייט פאר זיך א מקור פון פרנסה אין ערד־ארבייט און אין פאבריק געשעפטען?

וואס איז שייך צו ערד־ארבייט, דארף מען געווים קיין נביא נישט זיין, כדי שוין איצט צו זעהען איהר ענטוויקלונג אין דער צוקונפט, די פארשער פון דער פראגע, וואס האבען אין דעם קיין שום זייטיגע אינטערעסען נישט, קומען צו דער החלטה, אז די יודישע ערד־ארבייט קאן נישט פארגרעסערט ווערען אין דער צוקונפט, אפילו ווען די יודען וועלען זיין פאלשטענדיג גלייך־בערעכטיגט מיט דער איבריגער באפעל־קערונג. שוין איצט האט זיך דער מקח פון ערד אויף אזויפיעל אויפגעהויבען, אז דער יוד, וואס מוז דאך ערשט אין א משך פון עטליכע יאהר געוואוינט ווערען צו ערד־ארבייט, קאן בשום אופן נישט קאנקורירען מיט דעם רוסישען פויער. פשיטא שוין נאך דער רעוואלוציע, ווען די לאגע פונ'ם רוסישען פויער וועט געווים פארבעסערט ווערען שוין אליי דורך די בעסערע, גערעכטערע צוטהיילונג פון „נאלאגען" (שטייערן): דאמאלס וועט שטארקער ווערען זיין קויף־קראפט אויף ערד און א חוץ דעם וועט נאך פארגרעסערט ווערען די ערד־רענטע. נאר אויף דער פראגע האלטען מיר פאר איבעריג לאנג אבצושטעלען זיך, ווארום ווייניגער פון אומעטום איז דא אנ'ארט פאר ספקות; די זאך איז קלאר, ווי דער טאג. אנדערש שטעהט די זאך ביי דער צווייטער פראגע: צי וועט קאנען די מאסע פון דעם פאטענציעלען יודישען פראלעטאריאט געפינען היונה אין דער אינדוסטריע, וועלכע ענטוויקעלט זיך אלין מעהר און מעהר? צי קאן מען נישט האפען, אז אויך דער יודישער בעל־מלאכה און דער יודישער הענדלער וועלען אווטאמאטיש דורך אביעקטיווע סיבות, מיט דער צייט אריבערגעהן אין דער מחנה פון דעם פאבריק־פראלעטאריאט, צו וועלכען ס'געהערט די צוקונפט, וועלכער קאוועט פון זיינע צרות א נייעם לעבען אויפ'ן פונדאמענט פון פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט?

צווישען דעם רוסישען יודענטום געפינען זיך:

| | |
|---|---|
| בעל־מלאכה'שע געהילפען (פארמאסטעריעס) | 140.528 |
| בעל־מלאכה'שע לעהר־יונגלעך (אוטשעניקעס) | 101.062 |
| פשוט'ע ארבייטער (טשא־נו־ראבאטשעס) . | 98.000 |

| | |
|---|---|
| פאבריק־ארבייטער . . . . . . . . . | 46.313 |
| סך־הכל . . . | 385.903 |

ווען מיר ווילען דערצו צוגעבען נאך אלע, די וואס דינען אין האנדעלס־געשעפטען, און דעם אינטעליגענטען־פראלעטאריאט, ווילען מיר האבען א סך־הכל פון א האלבען מיליאן פראלעטאריער. נאר דאס איז דאך נישט מעהר ווי די סטאטיק פון דער פראגע. די ענטוויקלונג פון פאבריק־געשעפטען און פון האנדעלס־באציעהונגען וועט דאך געוויס נישט איין צעהנדליג טויזענד פון די דאזיגע פראלעטאריער ארויסווארפען אויף דרויסען, דערהויפט נאך פון דער בעל־מלאכה׳ישער גרופפע. דאס הייסט, זי וועט זיי אריינווארפען אין דער מהנה פון דער רעזערווע־ארבייטער־ארמעע. ווען אבער די פראלעטאריזאציע פון אט דער גאנצער מאסע קאן נישט געהן איהר נארמאלען וועג, קאן זי דאמאלט נישט אויסבילדען קיין ארמעע פון בעוואוסטע קעמפפער, וואס שטעהען אויפ׳ן פראלעטארישען שטאנדפונקט. דא טרעט פאר אונז ארויס א פראגע פון די גרעסטע וויכטינקייט: צי וועט די דאזיגע גאנצע מאסע און די גאנצע יודישע ארימקייט בכלל קאנען אויף א נארמאלען וועג זיך פראלעטאריזירען?

אבער וואס הייסט נארמאלע פראלעטאריזאציע? מען מוז דיזען באגריף ערקלערען, ווייל פון איין זייט באהויפטען די אלגעמיינע ציוניסטען, אז מיר האבען איבערהויפט קיין פראלעטאריאט נישט, און פון דער אנדערער זייט בעהויפטעט דער „בונד“, און מיט איהם די גאנצע אסימילירטע סאציאלדעמאקראטיע, אז דאס יודישע פראלעטאריאט אונטערשיידט זיך גאר נישט פונ׳ם פראלעטאריאט פון אנדערע פעלקער. א יעדער, וואס האט נישט קיין פראדוקציאנס־מיטעל און מוז פארקויפען זיין ארבייטסקראפט דעם קאפיטאליסט־אונטערנעמער, יעדווערער, וואס איז גענויטיגט צו פארדיענען זיין ברויט,—שאפענדיג מעהרווערט פאר דעם באזיצער פון די פראדוקציאנס־מיטלען, — בעלאנגט צו דער קלאס פון פראלעטאריער. אבער דאס אליין איז נישט גענוג. אזעלכע פראלעטאריער זיינען אויך געווען די שקלאווען, די לייב־איינגע (קרעפאסטניע) און אויך די פראלעטאריער פון צערפאלענדיגען אלטען רוים. אבער זיי האבען נישט געקאנט באהויפטען, אז אין זייער פונקציע ליגט דער אביעקטיווער יסוד פון סאציאליזמוס, נישט נאר דערפאר, ווייל זיי זיינען נישט געווען פאליטיש גלייכבארעכטיגטע, נאר הויפטזעכליך דערפאר, ווייל זייער עקאנאמישע פונקציע אליין איז גע־

זוען א ריקשטענדינע. יעדעס מאל, ווען זיי האבען געוואלט דורך א רעוואלוציע איבערענדערן זייער מצב, האבען זיי נאר געשטרעבט וויעדער איינצופיהרען אלטע אבגעלעבטע לעבענספארמען: אזוי איז געווען ביים פראלעטאריאט פון אלטען רוים, און דאס זעלבע איז אויך געווען מיט די פארשידענע פויערים־רעוואלוציאנען. צום בעגריף „נארמאלע פראלעטאריזאציע" געהערט נאך דער פאקט פון מעגליכקייט פון פראלעטאריזאציע, דאס הייסט, אז די מאסע פון פאלק, וואס האט נישט קיין פראדוקציאנס־מיטעל, זאל קענען געפינען אן׳ארבייטס־מארק, מיט אנדערע ווערטער: זי זאל זיך קאנען פערוואנדלען אין א פראַדוקטיווען און נישט אין א לומפען־פראלעטאריאט. אין דעוויכטיגסטער סימן פון נארמאלער פראלעטאריזאציע איז דאס אריינטרעטען פון דער מאסע אין די העכערע פארמען פון פראדוקציע, אין די גרויס־קאפיטאליסטישע פראדוקציע, וועמענס דירעקטער פועל־יוצא (פאלגע) איז דער סאציאליזמוס. דער טעארעטיקער פון בונד בעווייזט זיין גאנצע אונוויסענהייט, ווען ער בעהויפטעט, אז „דער בעגריף פון פאבריקס־ארבייטער האט נאר א טעכנישע באדייטונג". דאס איז לחלוטין נישט ריכטיג, דער פאבריקס־אַרבייטער באדייטעט אַ סאָציאַלע קאַטעגאָריע, וועלכע ווייזט אָן אויף א באשטימטע מדרגה פון די פראָדוקציאָנס־כחות, וואָס פיהרען צום סאָציאַליזמוס. דער האנדווערק־פראָלעטאַריאַט, און אפילו דער מאנופאקטור־פראָלעטאריאט, קעמפפענדיג מיט זיין עקספלואַטאַטאָרם, קעמפפט ער אויך געגען זייערע פראדוקציאָנס־פאָרם. פארקעהרט דער פאבריקס פראָלעטאריאט קעמפפט נישט געגען די פאָרם פון דער פראדוקציע, נאר געגען די פארם פון די פארטהיילונג פון די פראדוקטען.

דיזער אָביעקטיווער חילוק צווישען דעם אינדוסטריעל־קאפיטאַליסטישען און דעם האנדווערק־מאנופאקטור־פראָלעטאריאט איז באגלייטעט אויך פון אַ סוביעקטיווען חילוק. דער פאַבריקס־פראָלעטאריער האָט נישט צו ווערען א אינדיווידועלער אונטערנעהמער, נאָר אַ שיתוף פון קאָלעקטיוו־אייגענטום. דער האַנדווערקער־פראָלעטאַריער אָבער שטרעבט מיט אַלע כחות צו ווערען א זעלבסטשטענדיגער אונטערנעהמער. דער ערשטער נעמט אנטהייל אין קלאסענקאמפף אי אין דער צייט, אי אין אָרט, ווייל ער בלייבט דורך זיין גאנץ לעבען א לוין־אַרבייטער. דער צווייטער, ד. ה. דער האַנדווערקס־פראָלעטאריער, נעמט אנטהייל אין קלאסען־קאמפף נאָר אין אָרט, אבער נישט אין דער צייט, ווייל

דער היינטיגער אַרבייטער ווערט מאָרגען אַנ׳אונטערנעהמער, און אויך פֿאַרקעהרט. מען קאַן קאָנסטאַנטירען דיזען חילוק אין אַלע ערשיינונגען אין לעבען פֿון דיזע צוויי פֿאַרשיעדענע גרופּען פֿון פּראָלעטאַריאַט, צום ביישפּיעל אין סטרייקס. די אויסגעפֿיהרטע סטרייקס פֿון פֿאַבריקס־פּראָלעטאַריער לאָזען איבער פּאָזיטיווע רעזולטאַטען, דאַגעגען די סטרייקס פֿון אַרבייטער ביי בעלי־מלאכות און אין דער הויזאינדוסטריע געבען זיך איין זעהר לייכט, אָבער איהר פּעולה איז נור אויף אַ קורצע צייט. היינט, אין דער סיזאָן־צייט האָבען זיך די סטרייקס איינגעגעבען: אַ פֿאַרגרעסערונג פֿון שכר און אַ פֿאַרקערצונג פֿון דער אַרבייטס־צייט, אָבער שוין נאָך אַ חדש, ווען די סיזאָן האָט זיך געענדיגט, איז דער אַרבייטער גרייט צו אַרבייטען פֿאַר וואָסערע עס איז באַדינגונגען, אַבי נאָר ניט צו שטאַרבען פֿאַר הונגער.

אויף די פֿראַגע, וואָס איז נ אָ ר מ אַ ל ע פּראָלעטאַריזאַציע ענטפֿערן מיר: דאָס וואָס־מעהר אַריינדרינגען פֿון דער מאַסע, וואָס האָט נישט קיין פּראָדוקציאָנס־מיטלען, אין די העכסטע פֿאָרמען פֿאַן קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפֿט, אַלס לוין־אַרבייטער. ווען עס וועט זיך אַרויסווייזען, אַז די יודישע מאַסע דרינגט נאָר אַריין אין האַנדווערק, הויזאינדוסטריע און מאַנופֿאַקטור, אָבער נישט אין די פֿאַבריק, וועלען מיר מוזען זאָגען: אין יודישען פֿאָלק איז פֿאַרהאַן אַ פּראָלעטאַרישער קלאַס, אָבער דיזער פּראָלעטאַריאַט איז נישט נאָרמאַל, איז אָ ב י ע ק ט י וו נישט פֿאָרטשריטליך, ווייל ער איז באַשעפֿטיגט אין ריקשטענדיגע פּראָדוקציאָנס־פֿאָרמען.

כּדי גאַנץ קלאָר צו מאַכען זיך די פּרינציפּען פֿון דעם פּועלי־ציוניזמוס, מוז מען פֿריהער פֿון אַלין באַטראַכטען די איצטיגע לאַגע פֿון דעם יודישען פּראָלעטאַריאַט און באַקלערען, וואָס פֿאַר אַ ענטוויקלונג קאַן האָבען דער דאָזיגער פּראָלעטאַריאַט על פּי דרך הטבע אין דער צוקונפֿט. נאָר דאַמאָלט וועלען מיר קאָנען געבען אַ תשובה אויף די דאָזיגע שאלות: וואָס פֿאַר אַ טענדענץ ליעגט אין דעם פּראָלעטאַריזירונגס־פּראָצעס פֿון די יודישע מאַסען? צי האָט דער יודישער פּראָלעטאַריאַט, וואָס עקסיסטירט שוין איצט, אַ מאַטעריאַלנעם אינטערעס אין דעם, אַז דער ציוניזמוס זאָל פֿאַרווירקליכט ווערען? אויב יאָ, ווי דאַרף זיין זיין טאַקטיקע פֿון איין זייט צו דער גאַנצער ציוניסטישער מאַסע בכלל, פֿון דער אַנדערער זייט צו דער גאַנצער פּראָלעטאַרישער מאַסע

פֿון דער גאנצער וועלט? דער ענטפֿער אויף דיזע פֿראגען וועט אונז אויך פֿארענטפֿערן אלע פראגראַמאטישע און טאקטישע שוויערינ־קייטען.

---

## VI.

**די ענטוויקלונג פֿונ'ם יודישען פראָלעטאַריאַט הענגט אָב פֿון דער ענטוויקלונג פֿונ'ם יודישען קאַפּיטאַליזמוס. די לאגע און די טענדענץ פֿון דער יודישער אינדוסטריע. די פֿאַרנאַנדערטהיילונג פֿון די יודישע אַרבייטער נאָך דער נאַציאָנאַליטעט פֿון די פֿאַבריקאַנטען און נאָך דער קאָנצענטרירונגס־מדרגה פֿון דער פּראָדוקציאָן. יודישע אַרבייטער קריעגען אַרבייט נאָר ביי יודישע פֿאַבריקאַנטען און שפּעציעל אין יענע יודישע פֿאַבריקען, וואָס אַרבייטען מיט האַנד־אַרבייט, אָדער וואָס פֿאַרנעהמען זיך מיט דער הויז־פּראָדוקציע.**

בעת מיר נעהמען זיך צו באטראכטען די לאגע פֿון דעם רוסיש־יודישען פֿאבריקס פראלעטאריאט, שטויסען מיר זיך אָן אויף זעהר א וויכטיגען פֿאַקט, וואס האט א גרויסע סאָציאָלאָגישע באדייטונג, האָטש ער נעהערט נישט אין דעם תּחום פֿון דער עקאנאמיקע, און וואס האט א שייכות צו דער יודיש־נאציאנאלער פֿראגע. מען האט נעקאנט אין דער אמת'ן מיינען, אז דער פראלעטאריאט און דער קאַ־פיטאליזמוס האבען צווישען זיך נישט, נאך זייער גאנצען וועזען, קיין שום נאציאנאלען באנד, אז אין אָט דער וועלט איז נישטאָ קיין חילוק צווישען „א יָוָן און א יודען", ווייזט זיך אָבער ארויס, און דוקא דורך די נעניעסטע פֿארשונגען, אז די ענטוויקלונג פֿון דעם יודישען פראלעטאריאט אין רוסלאנד הענגט זעהר אָב, אדער ריכטיגער גע־זאָגט, איז גלייך פראפארציאנאלע דער ענטוויקלונג נישט פֿון דעם רוסישען קאפיטאליזמוס בכלל, נאר פֿון דעם יודישען קאפיטאליזמוס אין רוסלאנד. עס ווייזט זיך ארויס, אז יודישע ארבייטער קריעגען ארבייט כּמעט נאָר אין יודישע פֿאַבריקען. מיר קאנען בשום אופֿן נישט פֿארשטעהען די לאגע פֿונ'ם יודישען פראָלעטאריאט, איידער מיר וועלען נישט באקאָנט ווערן מיט דער

יודישער אינדוסטריע. נאר דאמאלס וועלען מיר קאנען פֿארשטעהען שוין אויך דעם משונה'דיגען כאראקטער פֿון די קלאסען-סתירות, וועלכע הערשען ביי אונזער פֿאלק. די ערשטע און אפשר די וויכטיגסטע חאראקטעריסטיקע פֿון דעם יודישען אינדוסטריעלען קאפּיטאליזמוס אין רוסלאנד — איז זיין קלייניטשקע מאָס. עס שטעלט זיך ארויס, אז אין דער „טשערטא" איז אין יענע ערטער די אינדוסטריע שטארקער ענטוויקעלט, וואו ס'איז װעניגער יודען פֿארהאן. די פֿאלגענדע צאהלען אילוסטרירען דעם דאָזיגען פֿאַקט:

| | % פֿערהעלטנים פֿון דער יודישער באפֿעלקערונג | פֿאבריק ארבייטער אויף 1000 דערוואקסענע | פֿאבריק פראדוקטען ווערט אויסגעארבייט אויף יעדער איינוואנער אויף |
|---|---|---|---|
| צפון-מערב-ראיאן | 14,4 | 8,5 | 6,2 רובל |
| הדום-מערב-ראיאן | 9,8 | 12,4 | 10,88 „ |
| דרום-ראיאן | 8,9 | 20,6 | 28,59 „ |

די דאזיגע צאהלען אליין בעווייזען שוין, ווי פֿערהעלטניסמעסיג שוואך עס איז די יודישע אינדוסטריע, בפרט נאך ווען מיר קוקען זיך צו צו דער טענדענץ, וואס ליעגט אין דער ענטוויקלונג, און וואס ווייזט אונז, אז דער דרום-ראיאָן שטעהט אין דעם ענין א סך העכער אין מעמד, איידער דער צפון-מערב-ראיאָן. נאך מעהר קאנען מיר אָפּלערנען פֿון פֿאלגענדע צאהלען: ס'איז גרויס די מיטלערע פּראדוקציאן פֿון אַ

| | יודישער פֿאבריק | נישט יודישער פֿאבריק |
|---|---|---|
| אין צפון-מערב-ראיאן | 21,37 | 24,5 טויזענד רובעל |
| „ דרום-מערב „ | 37,60 | 52,2 „ „ |
| „ דרום „ | 47,00 | 132,6 „ „ |

פֿון דער דאזיגער טאבליצע זעהט מען די טענדענץ זעהר גוט ארויס: וואס מעהר די אינדוסטריע ענטוויקעלט זיך, וואס מעהר זי נעמט אָן א גרויס-קאפּיטאליסטישען כאראקטער, אלץ קלענער ווערט די ראָלע פֿון יודישע אונטערנעהמער. אין דעם צפון-מערב ראיאן, וואו די אינדוסטריע איז בכלל שוואך ענטוויקעלט, דארט איז דער חילוק צווישען דער מיטלערער יודישער און נישט-יודישער פּראדוקציאן גאנץ קליין, בעת אין דעם דרום-ראיאן מיט זיין שטארקער פֿאבריקאציע איז די יודישע מיטלערע פּראדוקציאן דריי מאהל קליינער, ווי די נישט-יודישע.

נאר אפילו אין דעם צפון-מערב-ראיאן גופא טרעט ארויס דער דאזיגער חילוק גאנץ אָפען. לאמיר נעהמען למשל ביאלאסטאק, דעם צענטער פון דער יודישער געוועב-אינדוסטריע. דאכט זיך, וואו זאל שוין די יודישע אינדוסטריע נישט אויפבליען, ווען נישט אין דער דאזיגער שטאדט. און וואס לאזט זיך אויס? אין דעם דאזיגען צענטער איז די מיטלערע פראדוקציאן פון

| | נישט-יודישע[1] | יודישע |
|---|---|---|
| געוואנט-פאבריקען . . . . | 73,000 | 17,000 רובעל |
| וואָל-שפינערייען פאבריקען . . | 177,000 | 67,000 „ |
| פארבעריי . . . | 492,000 | 24,000 „ |

דאס זעלבע פארהעלטנים קאן מאן קאנסטאטירען אין רוסיש-פוילען. אין גאנץ פוילען איז די מיטלערע צאהל פון ארבייטער אויף נישט קיין יודישע פאבריקע 101,8, אויף אַ יודישע פאבריקע 30,4, דאס הייסט כמעט אויף $3^1/_2$-מאהל קלענער. אין ווארשויער גובערניע, וואס מכח איהר האבען מיר גענויע ידיעות, איז קאנסטאטירט געווארען אזא מין פארהעלטנים: אין גאנץ ווארשויער גובערניע איז געווען אין דעם יאהר 1899 — 113 יודישע פאבריקען מיט 6646 ארבייטער מיט א יאהרינגען אומזאץ (אָבאָראָט) פון 928,085 רובעל; 259 נישט-יודישע פאבריקען מיט 23063 ארבייטער, מיט א יאהרינגען אומזאץ (אבאראט) פון 30,040,780 רובעל.

אדער מיט אנדערע ווערטער:

אויף 1 יודישע פאבריקע קומט אויס אין דורכשניט: 60 ארבייטער מיט א מיטלערען אומזאַץ פון 8,213 רובעל.

אויף נישט קיין יודישע פאבריקע קומט אויס אין דורכשניט: 89 ארבייטער מיט א מיטלערען אומזאץ פון 115,987 רובעל.

מיר ווילען ווייטער נישט פארמאטערן דעם לעזער מיט הוילע צאהלען און מיר ווענלען זיך באגנינגען מיט די, וואס מיר האבען שוין געבראכט. די אביעקטיווע אויספאָרשונג ווענגן דעם טהייל-נעהמען פון יודען אין דער אינדוסטריע, אלס ארבייט-געבער, באווייזט אונז די ריכטינקייט פון דער דאזיגער החלטה: די יודישע ארבייט-געבער, וואס זיינען ארימער נאך זייער קאפיטאל, זיינען

[1]) לרוב, דייטשען (באמערק. פון'ם איבערזעצער.)

ארייננעטהון כמעט נאר אין די אָבשטארבענדע פאָר־מען פון דער קליין־אינדוסטריע, דער יודישער ארבייט־נעבער איז אנ'אפלעבענדער עלעמענט פון דעם קאפיטאליזמוס. ס'פערשטעהט זיך, אז מיר רעדען נאר דא וועגען דעם כלל, און נישט וועגען איינצעלנע אויסנאהמען.

אין וואָס זשע פאַר אַ מצב געפינען זיך די יודישע אַרבייטער? דאָס פּאַרהעלטנים פון דער יודישער באַפעלקערונג צו דער גאַנצער באַ־פעלקערונג פון רוסלאַנד איז אַזוי גרויס ווי 4,13%, בעת דאָס פאַר־העלטנים פון די יודישע אַרבייטער צו די איבריגע אַרבייטער פון גאַנץ רוסלאַנד איז 2,2%.

די יודישע אַרבייטער צוטהיילען זיך אויף אַזאַ מין אופן:

| | |
|---|---|
| אין צפון־מערב־ראַיאָן . . . . . . . | 22,279 |
| „ דרום־מערב „ . . . . . | 9,596 |
| „ דרום „ . . . . . | 2,058 |
| „ פּוילישע מלוכה . . . . . | 12,300 |
| סך־הכל . . . | 46,313 יודישע אַרבייטער[1] |

פון דער דאָזיגער טאַבליצע זעהט מען אַרויס, אַז די יודישע אַרבייטער זענען מעהר ווי אומעטום קאָנצענטרירט אין די ערטער, וואו די קליין־אינדוסטריע איז ענטוויקעלט (ליטאָ), אָדער מיט אַנדערע ווערטער, דאָרט וואו עס זענען מעהר פאַרהאַן יודישע פאַבריקען. אַז דער דאָזיגער כלל איז ריכטיג פון אָנהייב ביז'ן סוף, האָט דערוויזען די דעטאַיילנע פאָרשונג. אין פּוילען ארבייטען פון די 12380 יודישע ארבייטער, וואָס געפינען זיך דאָרט, — אויף יודישע פאַבריקען — 1954, און אויף די 451 נישט קיין יודישע פאַבריקען אַרבייטען סך הכל 426 יודען. דאָס הייסט אין דורכשניט ווייניגער אפילו פון איין יודישען אַרבייטער אויף איין נישט יודישער פאַבריקע. אין וואַרשא

[1]) צוויי קליינע באַמערקונגען. 1) מיר רעדען דאָ וועגען די אינדוסטריע אין אנזיעדלונגס־ראַיאָן (טשערטאַ אסיעדלאסטי), וואו די יודען האָבען זיך אַ באַפ נעמתין צו דער אינדוסטריע, ווען אויך נישט פריהער, אָבער זיכער נישט שפעטער איידער די נישט־יודען. 2) ווען מען זאָגט, אַז דער יודישער פּראָלע־טאַריאַט האָט זיך ענטוויקעלט אין דעמזעלבען פּראָצענט־פּארהעלטנים ווי דאָס רוסישע, מאַכט מען אַ גרויסען לאָגישען פעהלער, פאַרגעסענדיג, דאָס 80% פון דער רוסישער באַפעלקערונג באַשעפטיגט זיך מיט ערד־אַרבייט, בעת די יודען זענען כמעט אויסשליסליך אַ שטאָדט־באַפעלקערונג.

האָבען אויף יודישע פאַבריקען געאַרבייט 3083 יודישע אַרבייטער, אויף נישט קיין יודישע — 198, און אויף אַקציאָנערנע 83. אין לאָדז אויף די פאַבריקען, וואָס אַרבייטען אויס וואָל (געוועב־אינדוסטריע) האָבען אויף יודישע פאַבריקען געאַרבייט 1963 יודען, אויף נישט קיין יודישע אַזוי גרויס ווי 63 יודען. אין דעם ביעלאָסטאָקער ראַיאָן האָבען אויף יודישע פאַבריקען געאַרבייט 2885 יודישע אַרבייטער, אויף נישט קיין יודישע נישט מעהר ווי 134.

דערפאַר באמערקען מיר, אַז וואָס מעהר אַ וואָסער־ס'איז צווייג פון דער אינדוסטריע קלויבט זיך אַריין צו יודען אין די הענד, אַלץ גרעסער ווערט דאָרט די צאָהל פון יודישע אַרבייטער, נאָר ביי איינע־באדינגונג: ווען די דאָזיגע יודישע פאַבריקען טראָגען אַ קליינעם האַראַקטער, און נישט קיין גרויס־מאַשין האַראַקטער. אין דעם צפון־מערב־ראַיאָן געהערען אַלע שוועבעלאַך־פאַבריקען צו די יודען: פון די 3500 אַרבייטער זענען יודען 2986. אויף די יודישע ציגעלנע „זאַוואָדען" זענען צווישען די 1265 אַרבייטער — 1079 אַרבייטער־יודען, די אויסאַרבייטונג פון חזיר־האָר איז אין גאַנצען אין יודישע הענד: זענען דערפאַר כמעט אלע בערשטער־אַרבייטער — יודען, קורץ מיר זעהען אַז עס איז אַ כלל פאַר גאַנץ רוסלאנד: דער יודישער פראָלעטאריאט קאָן האָפען צו קריגען ארבייט נאָר ביי זיינע פאָלקס־ברידער, דאָס הייסט נאָר ביי יודישע פאבריקאנטען[1].

אָבער נאָך טרויעריגערע רעזולטאטען וועלען מיר באקומען, ווען מיר וועלען זיך צוקוקען, ווי די יודישע ארבייטער זענען צוטהיילט געוואָרען אויף די פאבריקען נאָך דעם פראָגרעס פון דער פראָדוקציאָנס־טעכניק. די ענטוויקלונג פונ'ם קלאסען־באוואוסטזיין, אויף וויפיעל זי העננט אָב פון אָביעקטיווע באדינגונגען אין די עקאָנאָמישע פערהעלט־ניסען, וואקסט צוזאמען מיט דעם וואקסען און אינטענסיווער־ווערען פון דער פראָדוקציאָן, וואָס מעהר אַ פאבריק געהט איבער פון האנד־ארבייט צו דער מאשינען־פראָדוקציאָן, וואָס מעהר די לעצטע ווערט

[1]) זעה די פרטים און די גאנצע צאָהלען אין דעם „זאמעלבוך פון מאטעריאלען וועגען דער עקאָנאָמישער לאגע פון די יודען אין רוסלאנד" (רוסיש פעטערבורג 1904). פון דאָרטען זענען גענומען געוואָרען די אלע געבראכטע ציפערן. אינטערעסאנט איז וואָס דער „בונד" האט נאָך ביז איצט נישט געפונען פאר נויטיג צו רעאגירען אויף די דאָזיגע פאָרשונגען: ער פערשווייגט זיי פשוט.

קאָנצענטרירט, אלץ מעהר ארבייטער ווערן אָנגעקליעבען אין איין אָרט און אלץ שארפער טרעטען ארויס די סתירות צווישען דעם קאפיטאליסט און דעם ארבייטער. וואָס קלענער די פּראָדוקציאָן איז, וואָס מעהר די פּראָדוקציאָן האָט א קליין־בורזשואזנעם חאראקטער, אלץ קלענער ווערט דער קאמפף צווישען דעם קונה און דעם פּארקויפער פון מענשליכער ארבייט. טאַ אין וואס זשע פאר א לאגע געפינט זיך דער רוסיש־יודישער פראלעטאריאט אין דער הינזיכט?

דעם בעסטען און דעם קלארסטען ענטפער אויף דער דאזיגער פראגע, וועלען וויעדער טאקי געבען עטליכע צאהלען וועגען דער צו־טהיילונג פון יודישע ארבייטער אויף פאבריקען מיט האנד־ארבייט און אויף פאבריקען מיט מעכאַנישע בעוועגערס (מאָטאָרען).

אין רוסיש־פוילען ארבייטען אויף יודישע פאבריקען

מיט מעכאנישע בעוועגערס 27582 ארבייטער, פון זיי 5236 יודען 19%

, האנד־ארבייט , 15429 , , , 6718 , 44%

אין ביעלאסטאקער ראיאן ארבייטען אויף יודישע פאבריקען מיט מעכאנישע בעוועגערס 70% יודען, אויף די מיט האנד־ארבייט 80% יודען. אין די קליינע האָלץ־שנייד־פאַבריקען פון דעם צפון־מערב־ראַיאָן ארבייטען אין אַלע פאַבריקען פון דעם מין, וואָס געהערען יודען, 18,3% פון אַלע אַרבייטער יודען, בעת אין דעם דרום־מערב־ראַיאָן (בפרט אין קרעמענטשוג), וואו די דאָזיגע פאַבריקען טראָגען אַ חאראַק־טער פון גרויסע געשעפטען, דאָס הייסט זי באניצען מעכאַנישע בעווע־גערס — דאָרט זיינען סך הכל 6,5% פון אַלע אַרבייטער יודען.

אין די האָלץ־פאַבריקען פון דעם צפון־מערב־ראַיאָן, וועלכע האָבען נאָך אַ חאַראַקטער פון קליין־פּראָדוקציאָן, וואו דעם בעל־מלאכה׳ס אַרבייט געהט נאָך אין קאָהן — דאָרט זיינען פון די 2240 אַרבייטער 1012 יודען (כמעט 45%), אָבער ווי נאָר די דאָזיגע אַנ־שטאלטען נעהמען אָן אַ גרויס־פאַבריצנעם חאַראַקטער — ווערט דער יודישער אַרבייטער באַלד פארשוואונדען. דערפאַר האָבען אין אַזאַ גרויסער יודישער שטאָדט, ווי אָ ד ע ס, אויף אַלע פאַבריקען, וואָס בעאַרבייטען האָלץ, געאַרבייט אַזוי גרויס ווי 26 יודען. אָבער אויף ד שוועבעלאַך־פאַבריקען פון דעם צפון־מערב־ראַיאָן זענען פון די 3500 אַרבייטער — 2986 יודען. די סיבה דערפון איז, נאָך דער מיינונג פון די פאָרשער, וואָס „דער גרעסטער פּראָצענט פון די אַרבייטער זיינען פערנומען נישט מיט דער פּראָדוקציאָן זעלבסט, נאָר מיט זייטיגע

מלאכות און זיי זיינען נישט צוגעבונדען אין גאנצען צו דער פֿאַבריק׳. דאָס הייסט יודען אַרבייטען אויף שוועבלאַך־פֿאבריקען נישט ווי פֿאַב־ריק־ארבייטער, נאָר ווי הויז־אַרבייטער. בכלל דאַרף מען באמערקען, אַז אין דער דערמאַנטער צאָהל פֿון די יודישע אַרבייטער זיינען אריינ־געדעכענט געוואָרען אַ היפּשע צאָהל פֿון אַרבייטער, וואָס זיינען פֿאַר־נומען נישט אין דער פֿאבריק גופא, נאָר אין זייטיגע מלאכות. אַזוי געפֿינען מיר למשל, פֿאררעגיסטרירט אַ סך יודישע אַרבייטער אויף די ציעגעלנע „זאַוואָדען״, ס׳לאָזט זיך אָבער אויס, אז „יודען זיינען ועלטען פֿארנומען מיט דעם אויסארבייטען פֿון ציעגעל גופא, עפּטעדם באשטעהט זייער ארבייט אין דעם פֿאַרנאנדערפֿיהרען ציעגעל איבער׳ן שטאָדט׳.

אַדרבא, אין די מעטאַל־גיסענדע פֿאַבריקען מיט זייער גרויס קאַפּיטאַליסטישען חאראקטער פֿון דער פּראדוקציאן—דארטען איז יודישע ארבייטער כמעט נישטא. (עס זיינען אגב אויך קיין יודישע ארבייטגעבער נישטא). אין יעקאַטערינאָסלאַווער און חערסאָנער גובערניעס זיינען אין דעם דאָזיגען פּראָדוקציאָנס־טהייל באשעפּטיגט פֿון די 32.715 ארבייטער סך־הכל 437 יודען, וואָס פֿון זיי זיינען נאך פּיעלע נישט קיין אמת׳ע אַרבייטער, נאָר קאָנטאָרשציקעס, פֿארפּאַקער א. ז. וו.

אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע, סיי אין בוילען, סיי אין דעם צפון־מערב־ראַיאָן (לאָדז און ביעלאסטאק) „זיינען יודען פֿארנומען נאָר מיט דער הויז־וועבעריי אַלס האַנד־וועבער״. „אין דער הערשענדער אין ביעלאסטאקער ראַיאָן געוואנט־אויסארבייטונג באנעגנען מיר יודען נאר ווי וועבער אין יענע געשעפֿטען, וואו עס געהט האַנד־וועבעריי. אָבער אין אלע פֿאבריקען, וואָס אַרבייטען אויס וואָל און נאָך אַזעלכע מאַטעריעס, וואָס אין זיי נעהמט מען פֿאר אַ באוועגער די מעכאנישע קראַפֿט, דאָרט זיינען קיין יודישע אַרבייטער לחלוטין נישטא״. דערביי געהט דער דאָזיגער פּראָצעס—דאָס א ר ו י ש ט ו פ ע ן פֿון יודישע ארביי־טער פֿון דער גרויס־אינדוסטריע — פֿאר אונזערע אויגען. איצט געפֿינט זיך נאָך א געוויסער טהייל פֿון יודישע אַרבייטער אַ וואסער ס׳איז פרנסה אין דער מלאכה פֿון האַנד־וועבעריי. אָבער די צייט איז שוין נישט וויט, ווען די טעכניקע, וואָס מוז דורך דער מורא׳דיגער קאנקורענץ אלץ מעהר און מעהר אויסגעבעסערט ווערן, וועט פֿארבייטען די האַנד־מאַ־שינען אויף מעכאנישע. „די פֿאבריקאַנטען, וואָס קוקען ועהר גוט אַרויס נאָך די פֿארשריטען פֿון דער פּראדוקציאָנס־טעכניקע, וועלען מסתמא

נישט לאַנג וועלען בלייבען ביי זייערע האַנד־מאַשינען. דאמאָלט וועלען יודישע שפּינער אנשטאָט אריבערצוגעהן צו מעכאנישע מאַשינען, ווי עס טהוען דאס זייערע קריסטליכע חברים, על פּי הכרח מוזען פאַרלאָזען די פאבריק, נישט וויסענדיג, וואו אַהין צו טהון זייער קענטניסען, וואָס קיינער דארף זיי מעהר נישט, און זעהענדיג פאר זיך נאר דעם שרעקליכען שאטען פון הונגער".

נאָר דאָס איז נאָך אויך ווייניג. עס שטעלט זיך ארויס, אַז, למשל, אין לאָדזער בעצירק, פאַרליערען אויך די יודישע האנד־שפּינער ביסלעכוויים זייער אַרבייט און מחען זיך באַגנינען מיט אַ שרעקליך קליינעם פאַרדיענסט. און איינע פון די סבות איז „די קאָנקורענץ פון די דאָרפישע פויערים. וואָס האָבען אין דער לעצטער צייט אויך זיך אָנגעהויבען צו באשעפטיגען מיט שפּינעריי און וואָס קאָנען וואָלוועלער נעהמען פאר זייער מלאכה, וויל ביי זיי איז די שפּינעריי נישט די איינציגע חיונה, ווי דאס איז ביי דער שטאדטישער באַפעלקערונג"...

און אויך דאָ האַלטען מיר פאר איבריג נאָך ראיות צו ברייגגען: דער פאַקט, וואָס יודישע ארבייטער ווערען ארויסגעשטופּט פון די פאַבריקען מיט דער ענטוויקלונג פון דער טעכניקע און מיט דעם אריבערגאנג פון האַנד־מלאכה צו דער מאשין, אונטערליעגט נישט קיין שום ספק. דיזער פאַקט קאָן נישט אָבגעלייקענט ווערען דורך די קינדישע שמחה פון „בונד", אַז אין איינינע אינדוסטריע צווייגען זיינען כמעט אַלע ארבייטער יודען, וואו קומט דאס פאָר? אין דער אינדוסטריע פון הענטשקעס, בערשטעריי, שוועבעליך, טאַבאַק, זייף און קנעפּליך. אָבער דאָ האָבען מיר צו טהון מיט קליינע יודישע מאנופאקטור־אינדוסטריען. וויפיעל ארבייטער זיינען דען איבערהויפּט באשעפטיגט אין אַלע דיזע אינדוסטריען? איינינע טויזענד! למשל: אין אַלע 86 יודישע זייף־פאבריקען זיינען באשעפטיגט... 352 יודישע ארבייטער. וועמען האט דער „בונד" געוואָלט אָבנארען מיט דיזע ציפערן: זיך אָדער דעם לעזער?

דער שטרייט איז נישט וועגען דעם פאַקט נופא, נאר וועגען דעם פועל־יוצא פון דעם פאַקט. די גאנצע פראַגע, צי איז מעגליך אָדער נישט מעגליך אַ נאָרמאַלע פּראָלעטאַריזירונג פון דער יודישער מאסע, הענגט אָב פון דעם, ווי אַזוי מען לערנט דעם פּשט פון די דאזינע צוויי פאַקטען: יודישע ארבייטער געפינען אַרבייט נאָר אויף יודישע פאבריקען; יודישע ארבייטער ארבייטען נאָר אויף קליינע פאבריקען: אפילו פון יודישע פאבריקען שטופּט זיי דער פראגרעס ארויס. וועלען

די דאָזינע פֿאַקטען האָבען שטענדיג זייער ווירקונג, אָדער זיי וועלען מיט דער צייט פֿארשווינדען? און אויב דאס לעצטע וועט געשעהען, ביי וועלכע באדינגונגען וועט דאס זיין? איינס דארף מען נישט פֿאר־געסען: אפילו איצטער, ביי דעם אבסאלוטיסטישער רעגיערונג איז דאָך נישטא קיין געזעץ, וואָס זאל נישט דערלאזען נישט נאר די יודישע נאר אפילו קריסטליכע פֿאבריקאנטען אויפֿצונעהמען יודישע ארבייטער. זבכן מוזען די סיבות ליגען אדער אין די יודען גופא, אדער אין די פֿערהעלטניסען צווישען דעם יודישען און דעם נישט־יודישען עלעמענט פֿון דער באַפֿעלקערונג, אדער, ריכטיגער געזאָגט, איןביידע מאמענטען, על כל פנים נישט אין דעם פֿעהלען פֿון פאליטישע רעכט.

אום דיזע פֿראגע אויפֿצוקלערן, מוזען מיר אויך אנאליזירען די לאגע פֿון די יודען בכלל און פֿון יודישען פראלעטאריאט בפרט אויך אין אנדערע לענדער, וואו די יודען האבען יורידיש, און אין איינע אויך פֿאקטיש, די גלייכבארעכטיגונג.

---

## VII.

### די סאָציאַל־עקאָנאָמישע לאַגע פֿון די יודען אין עסטרייך. די צוטהיילונג פֿון דער יודישער באַפֿעלקערונג אין די פֿערשיעדע־נע געגענדען פֿון עסטרייך. די אויסערע און אינווענדיגע עמיג־ראַציע. די דיפֿערענצירונג פֿון די יודען נאָך די צווייגען פֿון דער ווירטשאַפֿט און נאָך זייער סאָציאַלער לאַגע. דאָס פֿעהלען פֿון אַ אינדוסטריעלען פראָלעטאַריאַט. די פֿעראָרימונג פֿון דער מאַסע. די פראָלעטאריזאַציע פֿון די יודען אין לאָנדאָן און אין ניו־יאָרק.

איידער מיר וועלען אריבערגעהען צו דער באטראכטונג פֿון דער פֿראַגע וועגען דער צוקונפֿטיגער פראָלעטאריזאציע פֿון דער יודישער מאסע, מוזען מיר פֿריהער באקאנט ווערען מיט דעם מאטעריאל, וואָס עס איז פֿארהאן וועגען זייער עקאָנאָמישער לאגע פֿון די יודען אין אנדערע לענדער. ערשט דעמאָלט וועלען מיר פֿאר זיך האָבען אנ׳אמת בילד פֿון דער יודישער לאגע, ערשט דעמאָלט וועלען מיר פֿארשטעהן, אז די עקאָנאָמישע לאגע פֿון די יודען העננט נישט אָב פֿון דעם פּאָליטישען רעזשים פֿון יענע לענדער, וואו די יודען וואוינען.

דעם 31־ען דעצעמבער 1906 איז געווען אויף די 26.150.708

איינוואוינער עסטרייך'ס 1.224.711 יודען, דאָס הייסט, די צאהל פֿון דער יודישער באַפֿעלקערונג האָט אויפֿגעמאַכט 4,68% פֿון דער גאנצער עסטרייכישער באַפֿעלקערונג [1] (אין רוסלאנד איז די צאהל 4,13%). פּונקט ווי אין רוסלאנד, זיינען אויך אין עסטרייך די יודען נישט גלייך פֿאַרנאנדער נעטיילט איבער דעם גאנצען לאנד. אויך דאָ בילדען זיי עטליכע צענטערס, וואָס זיי שטאמען נישט פֿון די עקאָנאָמישע פֿאַר־העלטניסען פֿון דער ארומיגער באַפֿעלקערונג, נאר פֿון היסטאָרישע פֿארהעלטניסען, האָטש די יודען זיינען שוין דא פֿון לאַנג אָן גלייך־בארעכטיגט מיט אלע פֿעלקער, האָטש זיי האָבען דאס רעכט אומעטום צו וואוינען, וואו זיי ווילען, פֿין דעסטוועגען, ווי מיר זעהען, זיינען זיי וואוינען נעבליעבען דארט, וואו ס'האָבען געוואוינט אַ מאָהל זייערע זיידעס און ערשטע זיידעס. די עסטרייכישע יודען (נאָר וויען איז אַ יוצא מן־הכלל) זיינען אויך איצט קאָנצענטרירט דאָרט, וואו זיי האָבען געוואוינט נאָך פֿאר דער עמאַנציפּאַציע: די פּאָליטישע גלייך־בערעכטי־גונג האָט זיך ארויסגעוויזען פֿאר צו שוואַך אויף בייצוקומען די היס־טאָרישע טראדיציע, האָטש די דאזיגע טראדיציע האָט לחלוטין נישט געלוינט פֿאר די יודען, ווי מיר וועלען דאס שפּעטער באַווייזען. נאָך דער יודישער בעפֿעלקערונג קומען מיר פֿאראנדער לעגען די איינציגע לענדער פֿון עסטרייך אין אזא מין סדר:

טאבעלע נומער 1.

| די לענדער *) | די צאָהל פֿון די איי־וואוינער | יודען | % |
| --- | --- | --- | --- |
| 1 בוקאווינא | 730.195 | 96.150 | 13,2% |
| 2 גאליציען | 7.315.939 | 811.183 | 11,1% |
| 3 נידער־עסטרייך און וויען | 3.100.493 | 157.278 | 5,1% |
| 4 סודעטען־לענדער (בעהמען, מעהרען) | 9.436.825 | 148.988 | 1,6% |
| 5 ברעג־לענדער טריעסט | 756.546 | 5.534 | 0,7% |
| 6 טיראָל אלפען־לענדער | 4.216.926 | 5.244 | 0,11% |
| 7 דאלמאציען | 539.784 | 334 | 0,05% |

*) עסטרייכישע סטאטיסטיק. בערופֿס־סטאטיסטיק נאך דען ערגעבניסען דער פֿאָלקסצעהלונג פֿאם 31 דעצעמבער 1900. וויען 1904. באנד LXVI העפֿט 1.

פונקט מיט אלע פיטשעפקעס ווי אין דער רוסישער „טשערטא", חאטש עס איז דאָ א גלייך־בערעכטיגונג ! דערביי הענגט די פֿארנאנדערטיילונג פֿון דער יודישער באפֿלקערונג גאָר נישט אָב פֿון דעם, צי דאָס לאנד איז גוט צי נייןָ. למשל, פֿון איין זייט בוקאווינא — א לאנד, וואָס איז רייך מיט ערד־ארבייט און זעהר ארים מיט אינדוסטריע און נאך ארימער מיט מסחר ; און פֿון דער צווייטער זייט דאס קיסטען־לאנד (ברעג־לאנד), וואס אין איהר מיטעלפּונקט ליעגט טריעסט, מיט זיין גרויסער אינדוסטריע, מיט זיין וועלט־מסחר און מיט זיין שטאדטיגער באפֿעלקע־רונג. די דאזיגעביידע לענדער האָבען כמעט א גלייכע צאָהל איינ־וואוינער (העכער ווי 700,000) און פֿון דעסטוועגען האָבען מיר אין דער ארימער בוקאָווינע, וואו יודען לעבען שוין פֿון לאַנג אָן, דעם גרעסטען פּראצענט פֿון דער יודישער באפֿעלקערונג (13,2%) און אין דער רייכער נענענד פֿון טריעסט איז נישטאָ אפֿילו קיין 1% יודען. אדער מיר וועלען פֿארגלייכען גאליציען — דאָס לאנד פֿון צייט צו צייט הונגערנדע פּויערים און פֿון די פּריצים וואָס ליגען אין חובות, וואו די אינדוסטריע האָט ערשט אין די לעצטע יאָהרען אָנגעהויבען אנצולאזען קליינינקע וואָרצלען — מיט די סודעטען־לענדער מיט זייער גרויסע און רייכע אינדוסטריע. אין גאליציען האבען מיר אויף 7,300,000 איינוואוינער — 811,000 יודען (11,1%), און אין די סודעטען־לענדער אויף 9,400,000 איינוואוינער אַזוי גרויס ווי 148,000 יודען. און דערביי דארף מען נאָך נישט פֿאַרגעסען, אַז אין פּראַג איז נאָך אַמאָהל געוועזען אַ געטטאָ. דער פֿאַר איז אין טיראָל, וואו יודען האָבען נישט געטאָרט וואוינען פֿאַר דער עמאַנסיפּאַציע, אויך איצט קיין יודען נישטאָ.

דער איינציגער יוצא מן הכלל איז וויען, וואָס אין איהר האָבען זיך יודען נאָך דער עמאַנסיפּאַציע אַ לאָז געטהון אין גרויסע מאַסען און האָבען שוין איצט אין איהר דערגרייכט די מדרגה פֿון „אנזעטיגונג". אָבער די פֿארגרעסערונג פֿון דער יודישער באפֿעלקערונג אין וויען איז גאַנץ גרינג צו ערקלערען, זי נעהמט זיך דערפֿון, וואָס וויען איז אַ מרכז פֿון אַלע לעהר אַנשטאַלטען, פֿון אַלע שפּיטאַלען, פֿון די גרעסטע יודישע פֿילאַנטראָפּישע אַנשטאַלטען. מען קאָן אָבער מיינען, אַז יודען לעבען דאָרט, וואו זיי לעבען, פּשוט ווייל ס'לעבט זיך זיי דאָרט גוט? אַז די דאָזיגע השערה איז נישט ריכטיג, ווייס יעדערער, וואָס איז חאָטש אַביסעל באַקאַנט מיט דער אָרימקייט פֿון די גאַליצישע יודען. אָבער נאָט אַייך פֿאַקטען : די יודען פֿון עסטרייך בכלל, און פֿון גאַליציען

בפרט זוכען פּאַקטיש אַנדערע לענדער, זיי עמיגרירען אין גאַנץ גרויסע מאַסען, וואָס יאָגען אַריבער נאָך זייער ערך די יודישע עמיגראַציע פון רוסלאַנד.

אין די פּאַראייניגטע שטאַאַטען פון צפון אַמעריקא אַליין זיינען אַרויסגעפּאָהרען פון עסטרייך (אין אמת'ען הייסט דאָס פון גאַליציען, ווי מיר וועלען דערצו באַלד ראיות ברענגען):

| | | |
|---|---|---|
| אין די יאָהרען | 1899—1898 . . . . | 11,071 |
| „ „ „ | 1900—1899 . . . . | 16,920 |
| „ „ „ | 1901— 900 . . . . | 13,006 |
| „ „ „ | 1902—1901 . . . . | 12,848 |
| „ „ „ | 1903—1902 . . . . | 18,759 |
| „ „ „ | 1904—1903 . . . . | 20,211 |

ווען מיר נעהמען די לעצטע ציפער, זעהען מיר, אַז אין דעם משך פון דעם יאָהר $1903^{3}/_{4}$ איז אַרויסגעפּאָרען אַליין אין אַמעריקע 1,64% פון דער גאַנצער עסטרייכישער, אָדער 2,5% פון דער גאַנצער גאַליצישער יודישער באַפעלקערונג.

אין דער אמת'ען איז די עמיגראַציע געוועזען אַסך אַ גרעסערע: די יודען פון עסטרייך (גאַליציען) עמיגרירען דאָך נישט נאָר אין צפון-אַמעריקע נאָר אויך אין אַנדערע לענדער פון דער וועלט: איהר וועט זיי געפינען אין שווייץ, אין פּאַריז, אין לאָנדאָן, אין דרום-אַמעריקע, אין אַלע פּאַרטען פון אַזיען און פון אַפריקע. אין דעם 1890-טען יאָהר איז געוועזען אין גאַליציען 772,213 יודען. פאַר די צעהן יאָהר האָט געדאַרפט באַטרעפען דער חילוק אין דער צאָהל פון די ניי-געבאָרענע און די געשטאָרבענע 148,107 נפשות, קומט אויס, אַז אין דעם 1900-טען יאָהר האָט געדאַרפט אין גאַליציען זיין אַ סך הכל 920,320 יודישע נפשות, און אין דער אמת'ען איז אין דעם דאָזיגען יאָהר געוועזען אין גאַליציען נישט מעהר ווי 811,183, דאָס הייסט אויף 109,137 נפשות וועניגער, ווי עס האָט געדאַרפט זיין. און אָט די צאָהל האָט געמוזט ערגיץ עמיגרירען. מיר ווייסען אָבער, אַז אין אַנדערע געגענדען פון עסטרייך האָבען די דאָזיגע יודען נישט עמיגרירט. דאָס זעהט מען שון פשוט דערפון, וואָס פאַר די צעהן יאָהר איז די צאָהל פון יודען אין די אינדוסטריעלסטע לענדער פון עסטרייך, ווען נישט אויף קיין סך, אָבער דאָך קלענער געוואָרען.

אמת, מיר האָבען אין גאַליציען אויך א אינ-ייענדיגע עמיגראַציע-

אבער זי געהט פֿון דעם קולטורעל מעהר ענטוויקעלטען מערב אין דעם ווענינער ענטוויקעלטען מזרח פֿון גאליציען און פֿון שטאדט אין דארף — די בעסטע ראיה, וואס באווייזט אונז קלאָר, ווי אוננארמאל ס'איז די סאציאל־עקאנאמישע לאגע פֿון די גאליצישע יודען. דאס ווערט נאך אבער א סך דייטליכער, ווען מיר באטראכטען די דיפֿערענציאציע פֿון די עסטרייכישע יודען נאך די צווייגען פֿון דער ווירטשאפֿט, אין וועלכע זיי זיינען זיך מפרנס און נאך דער סאציאלער לאגע.

כדי נישט צו פֿארמאטערן דעם לעזער מיט ציפֿערען, וועלען מיר דא נאר ברענגען די צאהלען אויף צו פֿארגלייכען די פרנסות פֿון די יודען און פֿון די קאטאליקען.

II־טע טאבליצע

| באשעפֿטיגט אין : | קאטאָליקען די צאהל | % | יודען די צאהל | % |
|---|---|---|---|---|
| דארף־ אונד וואלד ווירטשאפֿט | 12,819,295 | 53,9 | 139,810 | 11,4 |
| אינדוסטריע (און געווערבע) | 6,448,102 | 27,1 | 351,212 | 28,7 |
| מסחר (און פֿאַרקעהר) | 2,005,582 | 8,4 | 533,247 | 43,7 |
| שטאטס־דיענסט און פֿרייע פראפֿעסיעס | 2,526,972 | 10,6 | 198,442 | 16,2 |
| סך הכל | 23,796,951 | 100% | 1,224,711 | 100% |

פֿאַרגלייכענדיג די דאָזיגע צוטיילונג ביי קאטאָליקען און ביי יודען, זעהען מיר ווי משונה'דיג אוננאָרמאל עס איז די אינוועגדיגע עקאָנאָמישע סטרוקטור פֿון די עסטרייכישע יודען. מיר זעהען פֿון דער צווייטער טאבליצע, אז די הויפט־באשעפֿטיגונג ביי קאטאליקען איז ערדארבייט, און ביי יודען — מסחר. האָטש די קאטאליקען זיינען דער הערשענדער עלעמענט, פֿון דעסטוועגען זיינען זיי וועניגער פֿארנומען מיט פֿרייע פראָפֿעסיעס, איידער יודען. דאס בעווייזט אינז די עקסיסטענץ פֿון א גרויסען אינטעליגענטנעם פראָלעטאריאט ביי עסטרייכישע יודען.

די דאזיגע משונה'דינקייט אבער ליענט נאך פֿיעל טיעפֿער. מיר קאנען זיך אין דעם איבערציינען, ווען מיר וועלען זיך גוט ארומקוקען, ווי אזוי די יודען זיינען צוטיילט געווארען נאך פֿארשיעדענע פראפֿעסיעס. מיר וועלען דעמאָלט זעהען, אז די יודען זיינען קאנצענטרירט

נאר אין א געוויסע סאָרט פֿון פראָפֿעסיעס, און טאקי נאר אין יענע, וואס פֿארנעהמען זיך מיט דער באפֿריעדיגונג פֿון די ערסטע מענשליכע בעדערפֿנישען, ווי, למשל, די אינדוסטריע פֿון עס־ווארג, פֿון שיך און קליידער, מסחר. אין דער גרויסער אינדוסטריע האבען די עסטרייכישע יודען קיין חלק נישט, דאס הייסט ווי אין אלע לענדער, אזוי זעהען מיר אויך אין עסטרייך, אז די יודישע מאסע פראלעטאריזירט זיך נישט אין דעם פראגרעסיווען זין פֿון דעם ווארט, נאר זי ווערט פֿארפֿאלען אין דער קליינער אינדוסטריע, די ענטוויקלונג פֿון דער אינדוסטריע אין עסטרייך האט גאר קיין שום ווירקונג נישט געהאט אויף דעם גורל פֿון די יודען, אזוי ווי ווען זיי וואָלטען נאָך איצט אויך געלעבט אויף אנ׳אייגענעם שטיינער, אונטער דער השפעה פֿון איינענע ספעציפישע געזעצען.

אויף 1000 מענשען, וואס געהערען אָן צו די אלערליי פרנסות, וועלכע זיינען דאָ אויסגערעכענט, זיינען דאָ יודען:

III־טע טאַבליצע

| | | |
|---|---|---|
| לאַנדווירטשאַפֿט | דארף־ווירטשאפֿט א.ז.וו. | 10 (נישט־יודען 990) |
| | וואלד־ווירטשאפֿט א.ז.וו. | 19 |
| | פֿיש־האַפּעריי | 21 |
| אינדוסטריע און האנדווערק | בארג־און גרובען־ארבייט | 8 |
| | שטיין־און ערדאינדוסטריע | 11 |
| | באארבייטונג פֿון מעטאלען | 26 |
| | אויסארבייטונג פֿון מאשינען | 23 |
| | טאָקער | 16 |
| | אינדוסטריע פֿון עסען־ווארג | 101 |
| | אינדוסטריע פֿון משקאות | 164 |
| | אינדוסטריע פֿון שיך און קליידער | 81 |
| מסחר און פֿארקעהר | מסחר | 377 |
| | געלד־מסחר | 189 |
| | אנדערע מינים פֿון מסחר און פֿערקעהר | 424 |
| | דיענער און שׂכר־יום׳ניקעס פֿון פֿארשיעדענע סאָרטען | 107 א.ז.וו. א.ז.וו. |

דאס וועט אונז ווערען נאך דייטליכער, ווען מיר וועלען באַ־טראַכטען די ציפערן וועגען דער גרופען־דיפערענצירונג פון דעם עסט־רייכישען יודענטום צוזאמען מיט זיין עקאָנאָמישער לאגע. די IV-טע און V-טע טאַבעליציעס דערצעהלען אונז, אז ביי די יודען איז פארהאן א גרעסערע צאָהל פון זעלבסטשטענדיגע בעלי־בתים, איידער ביי די קאטאליקען, האָטש די יודען באשעפטיגען זיך זעהר וועניג מיט ערד־ארבייט און נעהמען א קליינעם חלק אין דער אינדוסטריע אלס אר־בייטער, דאס באווייזט אונז גאנץ קלאָר דעם דראָבנעם כאראקטער פון דער יודישער ווירטשאפט.

IV-טע טאַבעליצע

נאך זייער סאציאלער לאגע צוטהיילען זיך די עסטרייכישע יודען אויף אזא מין אופן:

| | |
|---|---|
| זעלבסטשטענדיגע (בעלי־בתים) . . . . . . | 235,775 |
| אנגעשטעלטע (פריקאשציקעס) . . . . . . | 42,681 |
| ארבייטער . . . . . . . . . . . . | 81,455 |
| שכר־יום׳ניקעס . . . . . . . . . . . . | 31,567 |
| העלפענדיגע מיטגליעדער פון דער פאמיליע . . | 54,532 |
| נישט ארבייטענדיגע מיטגליעדער פון דער פאמיליע | 762,358 |
| הויז־דיענער . . . . . . . . . . . . | 16,343 |
| | 1,224,711 |

V-טע טאַבעליצע.

די פארהעלטניסמעסיגע גרופפירונג ביי יודען און ביי קאטאליקען.

| | יודען | קאטאליקען |
|---|---|---|
| זעלבסטשטענדיגע | 19,3% | 16,3% |
| אנגעשטעלטע | $3{,}5^{0}/_{12}$ | $1{,}6^{0}/_{12}$ |
| ארבייטער | 6,7 „ | 16,7 „ |
| שכר־יום׳ניקעס | 2,6 „ | 4,1 „ |
| העלפ. מיטגליעדער פון דער פאמיליע | 4,4 „ | 16,2 „ |
| נישט ארבייטענדיג . . . | 62,2 „ | 43,2 „ |
| הויז־דיענער | 1,3 „ | 1,9 „ |
| סך הכל | 100% | 100% |

צום סוף ברענגען מיר נאָך דאָ ציפערס, וואָס וועלען מיט די ליכטיגסטע שטראַהלען באלייכטען די אינעווענדיגע סטרוקטור פון דע־

יודישערווירטשאַפט אין עסטרייך. אויף יעדער טויזענד געפינען מיר אין דער אינדוסטריע (און ביי די בעל־מלאכה׳עס).

ביי יודען

אויף 127 בעלי־בתים 22 בעאמטע (סלוזשאישצע) און 95 אַרבייטער

ביי קאטאליקען

„ 39 „ 5 „ „ 164 „

אין מסחר איז ביי יודען

אויף 209 בעלי־בתים 40 בעאמטע און 57 ארבייטער

„ „ „ „ „ . „ „

ביי קאטאליקען

„ 20 „ 7 „ „ 23 „

אָדער מיט אַנדערע ווערטער:

אין דער אינדוסטריע: איז ביי יודען

אויף 100 זעלבסשטענדיגע בעלי־בתים בעאמטע מיט ארבייטער 92

ביי קאטאליקען

„ „ „ „ „ „ „ 435

אין מסחר: איז ביי יודען

100 „ „ „ „ 46

ביי קאטאליקען

„ „ „ „ „ 150

בעת אין דער אינדוסטריע איז אויף 100 עקספּלואטאטארעס סך הכל 92 עקספּלואטירטע, איז זעהר שווער צו רעדען וועגען „דער קאפּיטאליסטישער פּראדוקציע וואָס פּאַרגרעסערט זיך פּראָגרעסיוו און אינטענסיוו״. [1]

דאָס איז די בעסטע ראיה וואָס באווייזט אונז, ווי אונמעגליך

---

[1]) אפילו אין גאליציען, וואו דאס עקאָנאָמישע לעבען איז אזוי שוואך ענטוויקעלט, איז דער חילוק צווישען דעם ווירטשאַטליכען מצב פון די יודען אין די נישט־יודען זעהר גרויס. דאַס באווייזען אונז פאָלגענדע ציפערן: אויף טויזענד וואָס לעבען פון אינדוסטריע און האַנדוועָרק, קומט פאָר

| | זעלבסטשטענדיגע | אַרבייטער (פועלים) |
|---|---|---|
| ביי קאַטאליקען | 316 | 568 |
| ביי יודען | 516 | 302 |

אויף טויזענד וואָס לעבען פון האַנדעל

| | | |
|---|---|---|
| ביי קאַטאָליקען | 177 | 553 |
| ביי יודען | 675 | 114 |

ס'איז פֿאַר דער יודישער מאַסע פֿון עסטרייך אַריינצודרינגען אין דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע, צו שאַפֿען אַ פּראָלעטאַריאַט אינ'ם מאַרקסיסטישען זין פֿון דעם וואָרט.

הערר מאַקס צעטערבוים פֿאַנטאַזירט פשוט, בעת ער זאָגט זיך אַרויס, אַז „די געוואַלטיגע ענטוויקלונג פֿון דער יודישער בורזשואזיע האָט געבראַכט צו „אַ פֿאָלשטענדיגער פּראָלעטאַריזירונג פֿון דעם מיטעלען קלאַס“ [1]. אין גאַליציען, ווי איבערהויפּט אין עסטרייך, ווערט דער מיטעלער קלאַס פֿ א ר א ר י מ ט, אָבער נישט פּ ר אָ ל ע ט אַ ר י ז י ר ט, דאָס הייסט עס געהען נישט אַריבער די בעל־מלאכה'ס, סוחרים און מעקלערס אין דעם אינדוסטריעלען פּראָלעטאַריאַט. די דאָזיגע פֿ א ר א ר י מ ו נ ג האָט מען שוין איצט אָפֿיציעל קאָנסטאַטירט. אין דער צייט, וואָס אין גאַנץ עסטרייך דערגרייכט די מיטעלע ציפֿער פֿון די טאָג־אַרבייטער אין מסחר 13 אויף יעדעם טויזענד, דערגרייכט די דאָזיגע ציפֿער ביי יודען 49, דאָס הייסט, זי איז $4^1/_2$ מאָהל גרעסער. אָט וואָס עס זאָגט מכח דעם דער מחבר פֿון דער אָפֿיציעלער עסטרייכישער סטאַטיסטיקע: „אין דער דאָזיגער גרופּפּע (טאָג־אַרבייטער אין דעם מסחר) האָט מען אנגערעכענט 21,838 נפֿשות פֿון יודישער קאָנפֿעסיאָן... פֿון אָט דער צאָהל קומט אויס אַליין אויף גאַליציען 19,233 נפֿשות, אָדער 88,1%, וואָס דאָס קאָן מען אָננעהמען פֿאַר דער אויסגערעכענטער ציפֿער פֿון דער פֿאַראָרימונג פֿון דער יודישער מאַסע אין גאַליציען“ [2]. (אונזער קורסיוו).

אָבער די דאָזיגע פֿאַראָרימונג באַמערקען מיר אַפֿילו ביי די וויענער יודען. „איצט האַלט די יודישע מאַסע (פֿון וויען) איהר לאַגע פֿאַר אַ גוטער, ווען זי קאָן באַצאָהלען איהרע שטייערען, ביז עס קומט צו מאָהנען דער קאָמיסאַר פֿון דעם געריכט, און די דירה־געלד און קלייט־געלד פֿריהער, איידער דער בעל־הבית טרייבט אַרויס פֿון דער דירה [3].

דריי פֿערטעל פֿון אַלע יודישע פֿאַמיליעס אין וויען זענען אַזוי אָרים, אַז זיי האָבען געמוזט באַפֿרייט ווערען פֿון צו צאָהלען שטייער אין דער יודישער קהילה.

---

[1]) מאַקס צעטערבוים: קלאַסען־געגענזעצע ביי די יודען. די נייע צייט 1892/3, נום. 29 זייטע 43.

[2]) עסטרייכישע סטאַטיסטיק. זייטע CLXVIII.

[3]) פאללאַג: ארמוט אונד פֿעראַרמונג. יודישע פֿאלקסשטימע 1905 נום. 11.

אין רוסלאַנד האָבען די יודען קיין גלייכע רעכט נישט. אין עסטרייך, וועט מען זאגען—אפילו דאָס איז נישט ריכטיג—ענטוויקעלט זיך די אינדוסטריע נישט. אָבער וואָס הערט זיך מיט די יודען, וואָס געפינען זיך אין די דעמאקראטישע לענדער מיט דער שטארקער קאפיטאליסטישער ענטוויקלונג פון דער אינדוסטריע?

וועגען דער יודישער לאגע אין לאנדאן האבען מיר זייער גוטע אנגאבען אין האלפערין'ס ארבייט[1].

אין לאנדאן האבען זיך די יודישע אימיגראנטען פראלעטאריזירט. אבער ווי אזוי? נישט דורך דעם, וואס זיי זיינען דורכגעדרונגען אין דער הויך־ענטוויקעלטער אינדוסטריע פון דער לאנד, נאר דורך די שאפונג פון א נאציאנאל־יודישער ווירטשאפט מיט אנ'אייגענער „טשערטא“, מיט אייגענע יודישע בעלי־בתים, און ועל כולם, מיט אנ'־אייגענער אינדוסטריע, מיט א האראקטעריסטישער פאר יודען אינדוסטריע: אין דער אינדוסטריע פון שיך און קליידער זיינען באשעפטיגט 60,67% פון אלע ארבייטער־מאנסביל'ן און 65,36% פון אלע ארביי־טערינען. כמעט אלע יודישע ארבייטער פון לאנדאן זיינען אדער ביי בעל־מלאכה'עס, אדער אין דער אינדוסטריע פון קליידער, וואס זי איז געגרינדעט געווארען נישט אויף דער הויכער מאשין־טעכניק, נאר אויף דער ארבייטס־טיילונג, דאס הייסט זי טראגט א מאנופאקטורנעם אדער נאך גיכער א הויז אינדיסטריאלנעם האראקטער.

אויך דא האבען מיר פאר זיך דאס זעלבע בילד, דעם אלטען כלל: דער יודישער ארבייטער—ביים יודישען בעל־הבית, אין דער קליינ־פראדוקציע, וואס האט איהר ציעל אויף צו באפריעדיגען די ערשטע באדערפענישען. „דער פארשפרייטעסטער טיפ (אין דעם אנגרייטען פון מלבושים) איז א מאיסטערסקאיא מיט ווייניגער פון 10 ארבייטער־" דערצעהלט אונז האלפארין. דרך אגב ווייזט דער מחבר אן אויף זעהר א האראקטערנער ערשיינונג. וואס מיר באמערקען דאס ביים יודישען פראלעטאריאט פון דער גאנצער וועלט: „דאס שטרעבען פון דעם יודישען ארבייטער, וואס איז איבער כמעט אין א חולאת צו ווערען אליין א בעל־הבית. ער סטארעט זיך, ווען ס'איז נאר מעגליך, בעסער צו לעבען פון דעם רוח אלס א בעל־הבית, איידער פון דער שכירות אלס אנ'ארבייטער. ווען אפילו דאס ערשטע גיט

---

[1]) האלפערין: די יודישע ארבייטער אין לאנדאן שטוטגארט 1903.

זוניגער, איידער דאס לעצטע" (אונזער קורסיוו). מיר וועלען זיך נאך אמאהל צו דעם פאקט אומקעהרען, דערווייל וועלען מיר אריבערגעהען צו דער פראלעטאריזאציע פון די יודען אין נעוו־יארק, אין דעם גרעסטען יודישען צענטער. מיר שיקען זיך דערביי אויף די אנגאבען, וואס רובינאב האט צונויפגעקליבען, וואס איהם ווערט מען דאך געוויס נישט חושד זיין אין ציוניזמוס[1].

„עס איז זעהר וואהרשיינליך, שרייבט דער ה׳ רובינאב, אז די גרעסטע מעהרהייט פון די רוסיש־יודישע ארבייטער ארבייט ביי רוסיש־יודישע בעלי־בתים". דער דאָזיגער „זעהר וואַרשיינליך" איז שייך צום חילוק, צי רוסישע, צי נישט־רוסישע יודען, אָבער אין דעם, וואָס יודען אַרבייטען נישט אויף קיין קריסטליכע פאַבריקען איז קיין שום ספק נישטאָ. דאָס זעהט אַרויס קלאָר אפילו דער, וואָס איז נישט באקאַנט מיט דעם לעבען פון די ניו־יאָרקער יודען, ווען ער באַטראַכט נאָר די אנגאַבען וועגען דעם, מיט וואָס די דאָזיגע יודען פאַרנעהמען זיך.

אויך אין ניו־יאָרק זיינען די יודען נישט דורכגעדרונגען אין דער אַלגעמיינער אינדוסטריע. אָנשטאָט דעם האָבען זיי באַשאַפען אַנ׳אייגענע אינדוסטריע, וואָס טראָגט נאָך איצטער אויף זיך דעם כאַראַקטער פון א הויז־פראָדוקציע. אין די הענד פון די רוסישע יודען אין ניו־יאָרק זיינען אַריבער געגאַנגען „אַלע נאָדעל־אינדוסטריעס (Needle industries), דאָס הייסט יענע צווייגען פון דער פראָדוקציע, וואו דאָס נעהען, די נאָדעל, שפּיעלט די רעכטע ראָלע", דאָס הייסט איבערנייס טאַקי אונזער אַלטע באַקאַנטע, דער זעלבער טהייל פון דער פראָדוקציע, וואָס מיט איהם פאַרנעהמען זיך די יודען מעהר פון אַלץ אין לאָנדאָן, גאַליציען און רוסלאַנד (מיר מיינען דא די בעלי־מלאכות). „מיר האָבען פאַר זיך אַ ריין יודישען פראָדוקציאָנס־צווייג"...

„דער רוסישער יוד האט זיך דורכגעלענט אַ וועג און האָט זיך געוואונען אַ גוטע היונה אין אַמעריקע נישט דורך דעם, וואָס ער האָט אַרויסגעשטופּט אַנ׳אַנדער נאַציאָן פון אַ וואָסער עס איז טהייל פון דער אינדוסטריע, נאָר דורך דעם, וואָס ער האָט באַשאַפען נייע פאָרמען פון איהר" (אונזער קורסיוו). און דאס איז אמת: 30% פון אַלע ניו־יאָרקער יודען פאַרנעהמען זיך מיט מסחר, און מעהר ווי 40% — איינציג און אַליין מיט דער נאָדעל. דרך אגב, באַמעריקען

[1]) רובינאב: די עקאָנאָמישע לאַגע פון די רוסישע יודען אין ניו־יאָרק (רוסיש). קניזשקי וואסחאד, 1905, יאנואר.

מיר דא די כאראקטעריסטישע פֿאַר דעם יודישען פּראָלעטאַריאַט ער־שיינונג: דעם גיכען איבערגאנג פֿון דעם ארבייטער־קלאס אין דעם קלאס פֿון בעלי־בתים, ווען אפילו דאָס ברענגט גאָר קיין רוח נישט.

אָט די קורצע אנגאבען באווייזען אונז, אז די כאראקטעריסטישע סימנים, וואָס מיר האָבען לכתחילה אָנגעמערקט אין דעם לעבען פֿון די רוסישע יודען, זיינען נישט קיין יוצא מן הכלל. וואָס מען זאָל זי' קאנען ערקלערען דורך די אויסערע פֿארמען פֿון דעם לעבען, דורך דער־פּאליטישער רעכטלאזיקייט, ניין, אָט די סימנים גופא זיינען כאראקטע־ריסטיש אויך פֿאר די עסטרייכער, לאנדאנער און ניו־יארקער יודען. אומעטום, אין דער גאנצער וועלט, וואו יודען לעבען נאר אין גרעסערע מאסען, צי דאס איז אנ'אטאקראטישע, צי א קאנסטיטוציאנעלע מאנארכיע, צי א דעמאקראטישע רעפּובליקע, — יודען אסימילירען זיך נישט עקאנאמיש, זיי בילדען אפֿילו נישט קיין קאנצענטרישען ווירטשאפֿטליכען קרייז, ניין, זיי באשאפֿען כמעט א זעלבסטשטענדיגע נאציאנאלע ווירטשאפֿט — אנ'עקסצענטרישען קריז, — װ א ס א י ז פֿ א ר ב ו נ ד ע ן מ י ט ד ע ר א ל ג ע מ י י נ ע ר װ י ר ט ש א פֿ ט נ י ש ט ד ו ר ך ד ע ר פּ ר א ד ו ק צ י ע, נ א ר ד ו ר ך ד ע ם ב י י ט. אומעטום דערקענען מיר די דאזיגע יודישע ווירטשאפֿט דורך איהר דראבנעם, רעאקציאנערעם כאראקטער, וואס מאכט פֿאר אונמעגליך די נארמאלע פּראלעטאריזירונג פֿון די יודישע מאסען. דרך אגב — ס'איז נישט דא דער ארט מכח דעם א סך צו ריידען — אט די ערשיינונג איז די בעסטע ראיה, אז יודען זיינען נישט מסוגל צו א פֿאקטישער אסימיליאציע.

איצטער ערשט קאנען מיר זיך נעהמען צו באטראכטען די־פֿראגען, וועלכע מיר האבען אויפגעשטעלט צום סוף פֿונם פֿריהערדיגען קאפּיטעל. די פֿראגען וועגען א נארמאלער פּראלעטאריזאציע פֿון די יודישע מאסען. מיר מוזען איצט, אויף וויפֿיעל ס'איז נאר מעגליך, קלאר ווערען אין דער דינאמיקע, דאס הייסט אין דער צוקונפֿטינער־ענטוויקלונג פֿון דער יודישער ווירטשאפֿט אין גלות.

---

VIII.

**יודישע אַרבייטער ווערען צוגעלאָזען נאָר אויף קליינע יודישע פאַבריקען. די ערקלערונג פון דער דאזיגער ערשיינונג: דער שבת, דאס נישט צוגעגרייט זיין, און די קערפערליכע שוואַכקייט פון די יודישע ארבייטער. די אמת'ע סבות. די אונמעגליכקייט פון דער פּראָלעטאַריזאציע ביי די יודישע מאַסען איז נישט אַבהענגיג פון די געזעלשאַפטליכע פאָרמען פונ'ם לעבען פון אנדערע פעלקער.**

איצטער קאנען מיר איבערגעהען צו באַטראַכטען די פראגען, וועלכע מיר האבען אויפגעשטעלט צום סוף פון דעם פריהערדיגען קאַפּיטעל, די פראגען וועגען א נאָרמאַלנער פּראָלעטאַריזאַציע פון די יודישע מאסען. פאר די וואס שטעהען אויף דעם מאטעריאליסטישען שטאנדפונקט האט דאס לעבען אוועקגעשטעלט א האַרבע שאַלה: עס קומט זיי אויס, אדער אָבצוזאָגען זיך פון זייער אלטער תורה, אדער פשוט נישט מאכען זיך וויסענדיג און נישט פרובען זיך אַפילו זוכען א תירוץ אויף די קשיות. דער איינציגער מארקסיסט, וואס האט אָט די פראגע בארירט אין דער ליטעראטור, איז יוצא געווען דער מיט, וואס ער האט די פראגע איבערגע'חזר'ט מיט אנדערע ווערטער, פונקט ווי יענער מלמד מיט'ן טייטש פון „כצפיחית בדבש" — ווי א צפיחית'ל אין האָניג. זיין ערקלערונג איז גאָר א פשוט'ע: אזוי ווי „די נאָהענטסטע עקאָנאָמיש-געזעלשאפטליכע ענטוויקלונג פון רוסלאנד... וועט באַפרייען פון דער ערד נייע הונדערט-טויזענדער פון קליינע גרונדבעזיצער און וועט זיי אריינוואַרפען אין דעם שויס פונ'ם קאפיטאליזמוס", ובכן „וועט די קאנקורענץ אין דער ספערע פון פראדוקטיווער ארבייט דערגעהען ביז צו אַזאַ מדרגה, אז סאַ'יז נישט נאר נישט שייך צו ריידען וועגען א ווייטערדיגער פּראָלעטאריזירונג פון די יודישע מאסען, נאר אַפילו די יודען, וואס זיינען דורגעדרונגען אין דער פּראָדוקציע, וועלען פון דאָרט ארויסגעשטופּט ווערען"[1]. גוט, בלייבט דאך אבער פאָרט די קשיא, פ א ר ו ו א ס עפּעס וועלען דאס די יודען אָנליינען מיט'ן קאָפּ ביי דער דאזיגער קאנקורענץ? פארוואָס

[1]) צבי אַברהמי: דער ציוניזמוס און דער אוגאנדא-פּראיעקט. יעווד. זשיזן. 1905. V. בוך, זייטע 112.

דורכדרינגען נישט די יודען נישט אין דער רוסישער, נישט אין דער עסטרייכישער, נישט אין קיין שום אנדערער אינדוסטריע? פאר וואס זעהען מיר, אז הונדערט־טויזענדער איטאליענישע, אונגארישע, סלאבא־קישע און אנדערע עמיגראנטען, געוועזענע ארבייטער, ווי נאר זיי קומען קיין אמעריקע און קאנען זיך נישט פארנעהמען מיט ערדארבייט, ווערען זיי אינדוסטריעלע ארבייטער און נאר די יודען אבער, זיי דרינגען נאר נישט אריין אין דער אינדוסטריע, אדער זיי מוזען זיך באשאפען אנ׳אייגענע נאציאנאלע אינדיסטריע "needle industries"? פאר וואס איז דאס, אז אין דער אינדוסטריע, וואס ענטוויקעלט זיך פאר אונזערע אויגען אין דרום־רוסלאנד אדער אין בעהמען, האבען אלע נאציאנען געקאנט דורכדרינגען, אלע האבען געקאנט אויסהאלטען די קאנקורענץ, א חוץ דער יודישער נאציאן. צבי אברהמי האט אויף דער פראגע געענטפערט מיט א פראגע, דאס הייסט ער האט קיין שום ענטפער נישט געגעבען. אנ׳אנדער מחבר, וואס איז זיך מתעסק מיט דער פראגע, וואס ער זוכט אומעטום א פסיהישען באדען און א מאטעריאלנעם אונטער־באדען", — א נייער מין פאדוואלנער מארקסיזמוס — ערקלערט אונז די דאזיגע ערשיינונג דורך אסך סיבות: דורך דעם אנטיסעמיטיזמוס, דעם ארגאניזירטען באיקאט פון יודען, אביסעל דורך דעם שבת, דעם עיקר אבער דורך דעם, וואס די יודען, אלס אויסגעמאטערטע שטארטינגע איינוואוינער קאנען נישט בייקומען אויף דעם ארבייטס־מארק די געזונדע פויערים [1]. ווי מיר זעהען, איז אט די גאנצע ערקלערונג ווייט פון א מארקסיסטי־שער, ווארום אויך די שנאה צו יודען ערקלערט דער מחבר נישט דורך אקאנאמישע פאקטארען.

ערשט נישט לאנג האט זיך אויך דער „בונד" אריינגעלאזען אין א הקירה מכח אט דער פראגע. מיר ווילען זיך דא איצט נישט פאר־נעהמען מיט א גענויער קריטיק פון זיין לעצטער בראשיורע וועגען פועלי־ציוניזמוס, וואס נאך איהר עס־הארצות שטעהט זי נאך העכער פון אליך, וואס דעם בונדס „טעארעטיקער" האבען ביז איצט געשאפען; מיר ווילען נאר ארויסנעהמען פון איהר זיין ערקלערונג וועגען דער לאגע פון דעם יודישען פראלעטאריאט. ראשית חכמה, איז דער יודישער פראלעטאריאט כחול הים ווי זאמר, והא ראיה — די צאהל פון יודישע

---

[1]) ב. ברוכאב: צור פראגע וועגען ציון און טעריטאריום. יעוור. זשין. VI 1905 בוך, זייטע 103.

פּראָלעטאַריער אין דעם האַנדווערק, וואָס בעדאַרף גאָר נישט פאַר־שווינדען (דאָס איז אַ פּנים גאָר אַ שפּאָגעל נייע המצאה'לע פון דעם אָרטאדאקסאלען מאַרקסיזמוס). והשנית איז די זעלבסטהערשונג גע־שטאַנען די יודען ווי אַ ביין אין האַלז, זי האָט נישט דערלאָזען די יודען אנצופּאַסען זיך צו דער פאַבריק־אַרבייט, און האָט דערצו געבראַכט אז אַ סך יודישע אַרבייטער האָבען זיך נאָך נישט אָבגעזאָגט פון דעם שבת. דער היוצא מזה איז גאָר אַ פּשוט'ער: מיר וועלען נאָר פּטור ווערען פון דער זעלבסטהערשונג — וועט אַלץ געהען ווי אויף פּוטער[1]. דער עס־הארצי'שער מחבר פון דער בונדישער בראשורע האָט דאָך געמאַכט פון דעסטוועגען וויסען, אַז: ערשטענס איז דער פאַקט, וואָס יודישע אַרבייטער ווערען נישט צוגעלאָזען אויף קריסטליכע און אויף גרויסע יודישע פאַבריקען, נישט תלוי אָן דעם אָרט, ווארום מיר באמערקען דאָס נישט נאָר אין דער ליטא, נאָר אויך אין דרום־רוסלאַנד, און נישט נאָר אין רוסלאַנד, נאָר אויך אין עסטרייך, לאנדאָן און ניו־יארק; צווייטענס האָט די זעלבסטהערשונג קיינמאָהל נישט געאַסר'ט די גרויסע יודישע פאַבריקאַנטען, נישט די קריסטליכע, וואָס האָבען זייערע געשעפטען אין דער „טשערטא", אַז זיי זאָלען נישט צונעהמען קיין יודישע אַרבייטער. אייגענטליך פאַרשפּאָרען מיר זיך איצט א סך צו קריעגען: די צייט איז שוין נישט ווייט, ווען דאָס פּאָליטישע לעבען פון רוסלאַנד וועט זיך אויך איבערבייטען אנטקעגען די יודען, און אַלע וועלען זיך קאָנען איבערצייגען, אַז נישט די זעלבסט־הערשונג אַליין האָט נישט דערלאָזען די ענטוויקלונג פונ'ם יודישען פּראָלעטאַריאַט.

איז ווי מיר זעהען, זיינען די מאַרקסיסטען בכלל נישט אים שטאַנד צו ערקלערען די דאָזיגע ערשיינונג. אויך די בונדיסטען שיקען זיך נישט אויף די פאָרמען פון דער פראדוקציע און פון דעם בייט, נאָר אויף די פאָרמען פונ'ם פּאָליטישען לעבען. וואָס איז שייך צו די געוועהנליכע תירוצים, ווי שבת, דאס נישט צוגעגרייט זיין און די קערפּערליכע שוואַכ־קייט פון די יודישע אַרבייטער, — האָבען מיר שוין אין אנ'אַנדער אָרט באוויעזען, וואָס פאַר קנאַפּע תירוצים זיי זיינען[2]. על כל פנים

[1] דער פועלי־ציוניזם 1905. גענף.

[2] דער אכטער בריעף צו דער יודישער „יוגענד" יעוור. זשיזן 1905 בוך 10 און „די עקאָנאָמישע לאַגע פון די יודען אין רוסלאַנד". אָדעססאַ. קרימה. (רוססיש).

האָבען דאָך די דאָזיגע סיבות שוין לאַנג געדאַרפֿט פֿארשווינדען אונ־טער דער שטענדיגער ווירקונג פֿון דער עקאָנאָמישער נויט.

נאָך אונזער מיינונג, האָט די אונמעגליכקייט פֿון אַ נארמאלער פּראלעטאריזאציע ביי די יודישע מאַסען איהר טיעפֿען שורש אין די היסטאָריש ענטוויקעלטע פֿארהעלטניסען צווישען די יודען און דער ארומיגער באַפֿעלקערונג. היסטאָריש, דורך ריין עקאנאמישע סיבות זיי־נען די יודען זעהר שפּעט געקומען אויף׳ן וועג פֿון אינדוסטראַליזאַציע, ווען די קאנקורענץ האָט זיי געמוזט שוין אַוועקשטעלען אין דער שווערסטע לאַגע.

די היסטאָרישע ענטוויקלונג פֿון׳ם יודענטום אין גלות האָט גע־פֿיהרט דערצו, אַז עס האָט זיך נישט באַשעפֿטיגט מיט ערד־אַרבייט, וועלכע, זיך דיפֿערענצירענדיג, פֿיהרט צום ערשיינען פֿון אינדוסטריע. אויף דעם אופֿן האָבען די יודען נישט געהאַט קיין קלאַס, וואָס האָט פּראָפּיטירט פֿון ערד־רענטע. און אַזוי האָבען די יודען פֿאַרלוירען די הויפּטקוועלע פֿון אינדוסטריעלען קאַפּיטאַל. און צום סוף פֿון מיטעל־אלטער האָבען זיי אויך פֿאַרלוירען דאָס האַנדעלסקאפּיטאל. זייענדיג ארויסגעשטויסט פֿון אַנדערע ספֿערען פֿון עקאָנאָמישער טהעטיגקייט און זייענדיג אָהן קאַפּיטאַל — האָבען זיך די יודען געמוזט נעמען צו יענע בראַנשען פֿון אינדוסטריע, צו וועלכע מען בעדאַרף נישט קיין סך געלד, און וועלכע נאראנטירען אַ גיכען און זיכערען אבזאַץ (ממכר) פֿון פּראָדוקטען. און דערפֿאַר באַשעפֿטיגען זיך די יודען אומעטום נאָר מיט די מלאכות און מאנופֿאקטורען, וואָס באַפֿרידיגען אונמיטעלבאַרע בע־דירפֿניסע. (קליידער־, שיך־ און עסען־וואַרען פּראדוקציאָן.) אבער גראד דורך דאס פֿעהלען פֿון אַן׳ערד־ארבייטער קלאס איז די יודישע מאַסע פֿיזיש שוואך, „נישט פֿאָרבערייטעט פֿאַר די פֿאַבריק״, באשטעהט הויפּטזעכליך פֿון שטאדט־בעוואהנער מיט גרעסערע קולטורעלע פֿאָדע־רונגען, מיט אַן׳ענטוויקעלטערען געפֿיהל פֿון זעלבסטבעוואוסטזיין און מיט אַ שטארקען שטרעבען צו אינדיווידועלע זעלבסטשטענדיגקייט. דאס פֿעהלען פֿון אַ ערד־ארבייטערקלאס האט געפֿיהרט דערצו, אז אינ׳ם יודישען פֿאלק איז ארויסגעטרעטען דער אונטערנעהמער־קלאס און דער ארבייטער־קלאס פלוצלונג, נישט אַ דאנק דער אינוועגדיגען, נאטירליכען עוואלוציאָן, נאר א דאנק א קינסטליכען, אויסערן דרוק. אבער די ענט־שטעהונג פֿון א ערדא־בייטער־קלאס ביי יודען אין גלות מוז באטראכט ווערן, ווי מיר האבען שוין פֿריהער געזעהן, פֿאר אונמעגליך. דערפֿאר קאנען

מיר נישט ערוואַרטען אַ וויטערדיגע פּראָלעטאַריזירונג ביי יודען. אַט די דאָזיגע היסטאָרישע סבה — דאָס פֿעהלען פֿון אַ פּויערים־קלאַס — ערקלערט שוין די אַנדערע, וועניגער וויכטיגע מאָמענטען, ווי למשל, דאָס נישט צוגעגרייט זיין, און די קערפּערליכע שוואַכקייט פֿון די יודען.

יאָ, מען קאָן זיך אָבער פֿאָרשטעלען די יודען, ווי אַ אינטעגראַלנעם טהייל פֿון יענע פֿעלקער, צווישען וועלכע זיי לעבען, דאָס הייסט ווי אַ טהייל, וואָס ערפֿילט נאָר איין פֿונקציע — די פֿונקציע פֿונ׳ם פּראָלעטאַריאַט. דאָס איז אָבער אויך אונמעגליך דורך דער היסטאָרישער באַגרינדעטער יודאָפֿאָביע. נאָר פֿריהער פֿון אַלץ מוזען מיר באַמערקען, אַז די יודאָפֿאָביע איז נישט אַזאַ זאַך, וואָס איז יוצא מדרך הטבע, ניט־נאַטירליך, אין דער וועלט פֿון עקאָנאָמישע באַציהונגען. מאַרקס זאָגט, אַז דער קאַפּיטאַליסט איז אינטערנאַציאָנאַל; דאָס איז אָבער אמת נישט מעהר ווי ביז צו אַ געוויסער מדרגה, און טאַקי נאָר ביי דער אַנווענדונג פֿונ׳ם קאַפּיטאַל, אָבער נישט ביי דער אַנווענדונג פֿון אַרבייט. דער פֿראַנצויזישער קאַפּיטאַליסט, וואָס ווערט נישט הייזעריג צו שרייען וועגען זיין פּאַטריאָטיזמוס, מאַכט טאַקי פֿאַבריקען נישט נאָר אין רוסלאַנד, איטאַליע און חינאַ, אָפֿט ברייענגענדיג אַ שאַדען די אינטערעסען פֿון דער פֿראַנצויזישער אינדוסטריע, נאָר אַפֿילו אין דייטשלאַנד. פֿון דעסטוועגען איז ער אָבער נישט אויף אַזוי פֿיעל פֿריי אין פֿראַנקרייך גופֿא, ער זאָל קאָנען דאָרט אַנווענדען וואָסער־ע ער וויל אַרבייטער. האָט דאָך אַמעריקע גע׳אַסר׳ט אַריינצופֿיהר־ען האַלווועלע חינעזישע אַרבייטס־הענד; דאָס זעלבע האָט נישט לאַנג ענגלאַנד געמאַכט אין דרום־אַפֿריקע. נאָך וויכטיגער אָבער איז פֿאַר אונז דער פֿאַקט, וואָס מיר זעהען, אַז וואָס מעהר עס פֿאַרגרעסערט זיך די השפּעה פֿון די אַרבייטער אויף דעם אַלגעמיינעם גאַנג פֿון דעם פּאָליטישען לעבען, אַלץ מעהר ווערט די אַרבייט נאַציאָנאַליזירט: אין אויסטראַליע, וואו די אַרבייטער האָבען די באַדייטענדסטע ווירקונג אויף דעם גאַנצען געזעלשאַפֿטליכען לעבען פֿון דעם לאַנד, דאָרט עקסיסטירען די שאַרפֿסטע באַגרעניצונגען אין דעם ענין פֿון אַריינפֿיהרען פֿרעמדע אַרבייטער. אין ענגלאַנד איז דאָס געזעץ אַנטקעגען עמיגראַנטען אָנגענומען געוואָרען אונטער דער ווירקונג פֿון די פֿאָדערונגען פֿון די אַרבייטער. דערפֿאַר וועט אַט דאָס געזעץ אויך איצט נישט אָראָבגענומען ווערען, האָטש די אַרבייטער האָבען עטליכע צעהנדליג דעפּוטאַטען אין דעם פּאַרלאַמענט. מיט אַ זעלכע פֿאָדערונגען טרעטען אַרויס אויך די שווייצאַרישע אַרביי־

טער אנטקעגען די איטאליענישע ארבייטער, און די פֿראנצויזישע — אנטקעגען די בעלגישע און די איטאליענישע. נאך דער אבסטראקטנער טעאָריע פֿון מארקס איז דעם קאפּיטאליסט גאנץ גלייך, וועמעס ארבייט ער עקספּלואטירט, אבער אין דעם לעבען, וואו אבסטראקציעס האבען קיין גרויסע שליטה נישט, קומט אוים א ביסעל אנדערש: דא מוז זיך דער קאפּיטאליסט רעכנען מיט געזעלשאפֿטליכע אינטערעסען און מיט פֿאדערונגען פֿון ארבייטער. נאר קלארער, ווי אומעטום, שטעלט זיך די דאזיגע ערשיינונג ארויס ביי יודען, — דער יוד איז אומעטום א פֿרעמדער: ער ווערט סיסטעמאטיש נישט צוגעלאזען צום גן־עדן התחתון פֿון דער פּראלעטארישער וועלט. און ס'וועט נאך קומען א צייט, ווען אויך דער רוסישער ארבייטער וועט מאכען א געשריי וועגען „נאציאנאליזירונג פֿון דער ארבייט", ווי דאס קומט איצט אין גאליציע פֿאר. אין אט דער באציהונג קאן דאס איבערבייטען־זיך פֿון דער פּאליטישער ארדנונג אין רוסלאנד אנשטאט א פֿארבעסערונג א פֿאר־שלעכטערונג ברייגנען, ווארום דער רוסישער ארבייטער וועט ווערען א געזעלשאפטליכע קראַפֿט, מיט וועלכער מען וועט זיך מוזען רעכענען, און איינע פֿון זיינע ערשטע פֿאדערונגען וועט זיין „די בעפֿאָר־צוגונג, דער יחוס פֿון דעם אייגענעם ארבייטער". און ווען די אפּטימיסטען קומען צו אונז און טרייסטען אונז, אז עס וועט אמאהל קומען א צייט, ווען אלץ וועט זיך איבערבייטען, ווען נישט נאר דער קאמפף צווישען פֿארשיעדענע נאציעס, נאר אויך די שׂנאה צו יודען וועט פֿארשווינדען, קאנען מיר זיי דארויף נאר איין ענטפֿער געבען: די רעאלע פּאליטיקע רעכענט זיך נישט מיט דער ווייטער צוקונפֿט, נור מיט דער געגענווארט און מיט דער נאהענטער צוקונפֿט. די יודען קאנען זיך נישט טרייסטען מיט דעם, וואס עס וועט זיין איבער הונדערט יאהר: ווען ביז צו יענער צייט וועט נישט אומגעענדערט ווערען זייער לאגע מן הקצה אל הקצה, זיינען זיי פֿארמשפּ'ט אויף ענטארטונג. אין יענער צוקונפֿט, וואס מיר קאנען זיך מעהר אדער וועניגער רעאלע ארומנעהמען מיט אונזער היסטארישען קוק, וועלען די יודען דורך די אויסגערעכענטע סיבות שוין נישט קאנען מעהר זיך נאָרמאלע פּראלעטאריזירען.

ס'פֿאַרשטעהט זיך, אַז צוזאַמען מיט די הויפּט־סיבות ווירקען נאך אַנדערע סיבות, וואָס שטעהען אויף אַ ניעדריגער מדרגה, און צו זיי קאָנען מיר אויך צורעכענען די יודישע פּסיחיקע, ווי זי האָט זיך ביי זיי היסטאָריש אויסגעאַרבייט, וואָס זיי כאראקטעריזירט זיך דורך

דעם אינדיווידואליזמוס. יעדער יוד וויל זיין אַליין א בעל־הבית, אפילו ידען וואס פֿאַרדינען ווענינ; דער יודישער ארבייטער האָט שטענדיג צו ווערען אליין אַנ'אונטערנעהמער. און אָט די דאָזינע ערשיינונג קאָנען מיר קאָנסטאַטירען אין רוסלאַנד ווי אין גאַליציען, אין ניו־יאָרק ווי אין לאָנדאָן. און דער גלות קאָן נישט ארויסשטעלען די כחות, וואס זאָלען איינהאַלטען די ענטוויקלונג פֿון דעם דאָזינען אינדיווידואליזמוס. אדרבה, וואָס מעהר עס ווערט זיך פֿאַרבעסערען די יודישע לאַגע, אליין גרעסער ווערט ביי זיי ווערען דער חשק צו ווערען בעלי־בתים.

דאָס איז אין קורצען אונזער ערקלערונג פֿון דעם אָביעקטיווען פֿאַקט, וועלכען מיר באַמערקען אומעטום, אין לענדער מיט פארשידענער פאליטישער אָרדנונג: די נישט נאָרמאַלע פראָלעטאריזירונג פֿון דער יודישער מאַסע. דאס וואָס דער פֿאקט הענגט נישט אָב פֿון דעם אָרט, פֿון די געזעלשאַפֿטליכע פֿאָרמען, וועלכע דאָס לעבען האָט אָנגענומען ביי די פֿעלקער, וואָס צווישען זיי לעבען די יודען, באווייזט אונז זיין זעלבסטשטענדיגע באדייטונג.

דאָס פֿאַרדינסט פֿון דעם פועלי־ציוניזמוס באשטעהט אין דעם, וואָס ער האָט אָט דעם פֿאַקט אננעמערקט, וואס ער האָט פֿאַרשטאַנען זיין באדייטונג. עס האָט זיך איהם אפֿשער נאָך נישט איינגעגעבען דעם פֿאָקט גוט צו ערקלערען, אָבער עס איז איהם געלונגען קלאָר צו מאַכען זיין סאציאלאגישע באדייטונג, און דערווייליג איז דאס גענוג. דאס יודישע לעבען וועט זיך מוזען מיט איהם רעכענען. די יודישע פאליטיקער, בעת זיי וועלען אויסאַרבייטען זייערע פראגראַמען, וועלען זיי מוזען דעם פֿאקט אין זינען האבען, אויב זיי וועלען נישט וועלען בלייבען אינ'ם עק פֿון דער לעבענס־עוואליוציע.

דער פועלי ציוניזמוס לייגט אוועק אין דעם גרונד פֿון זיין פראגראם אט דעם וויכטיגסטען פֿאקט פֿון דעם יודישען לעבען אין גלות.

---

## IX.

צי איז דער יודישער פראָלעטאַריאַט פֿאַראינטערעסירט אין דער שאַפֿונג פֿון אַ יודישען שטאַאַט? די אָביעקטיווע און די סוביעקטיווע גאַראַנטיעם פֿאַר'ן דעמאָקראַטישען כאַראַקטער פֿון דעם ציוניזמוס. דער קאָאָפעראַטיבער פרינציפּ פֿון דער

ציוניסטישער קאָלאָניזאַציע, דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף שטעהען אויבען אָן ביי אַלע פאָרמען פון׳ם פּראָגרעס, ובכן אויך פון דעם נאַציאָנאַלעם.

אין די פריהערדיגע קאפּיטלען האבען מיר אויפגעשטעלט די הויפּט־סיבות, וואס האבען ארויסגערופען דעם ציוניזמוס, ווי א נאציא־נאלע און א סאציאל־פאליטישע באוועגונג. פון איין זייט די פאקטישע עקסיסטענץ פון דער יודישער נאציע, נישט נאר אין דער ספערע פון דער אידעאלאגיע נאר אויך פון דער עקאנאמיקע, די יודען הערען נישט אויף אויך אין גלות צו פיהרען א נאציאנאלען לעבען. פון דער אנדער זייט אבער טראגט אויף זיך זייער נאציאנאלער לעבען אלע סימנים פון א נישט־נארמאלען לעבען. אין דער ספערע פון גייסטיגע אינטע־רעסען — די אונמעגליכקייט פאר דעם יודיש נאציאנאלען געניוס צו שאפען א זעלבסטשטענדיגע, ברייטע און פרוכטבארע קולטור, אין דער ספערע פון עקאנאמיקע — די נישט נארמאלנע פארנאנדערטהיילונג פון עקאנאמישע פונקציעס, דאס זינקען פון דער קליין־בורזשואזנע פראדוקציע, און אין רעזולטאט די פאראַרימונג פון דער מאסע, די ענטוויקלונג פון דעם לומפּען־פּראלעטאריאט. פון דער דאזיגער לאגע איז דא נאר איין אויסגאנג: די ערווערבונג פון א זעלבסטשטענדיגען טעריטאריום פאר׳ן יודישען פאלק.

אין דער רעאַליזירונג פון׳ם ציוניסטישען אידעאַל איז פאַר־אינטערעסירט דאס גאנצע יודישע פאָלק, וואָרום איהם אין גאנצען קומט אויס צו ליידען פון די שלעג, וואס דער גלות ברייננט מיט זיך. מעהר פון אַלעמען איז אָבער פאראינטערעסירט אין דעם ציוניזמוס דער ווירקליכער און דער פּאָטענציאלנער יודישער פּראָלעטאריאט.

קודם כל ווילען מיר אָנווייזען, אַז איינער פון די גרעסטע שטותים איז אָבצוטהיילען די אינטערעסען פון דעם ווירקליכען פון די אינטע־רעסען פון דעם לומפּען־פּראָלעטאריאט. מיר ריידען שוין נישט וועגען דעם, אז אויב מיר וועלען אַפילו צורעכענען צום ווירקליכען פּראלע־טאריאט אַ חוץ די פאבריק־ארבייטער אויך דעם בעל־מלאכה׳שען, הענדלער׳ישען און אינטעליגענטנעם פּראָלעטאריאט, וועט דאָך סוף כל סוף דער גאנצער סך־הכל בילדען די מינדערהייט אינ׳ם פאַרגלייך צו דער מיליאָנער יודישער מאַסע פון דעם פּאָטענציאלנען פּראָלעטאַריאַט, און דערביי נאך מוז די דאָזיגע מינדערהייט, ווי מיר האבען שוין בא־

וויעזען, אַלײן קלענער װערען, דורך רײן אָביעקטיװע סיבות, דורך דער ענטװיקלונג פֿון דעם עקאָנאָמישען לעבען אין גלות. װאס דאס װ ו ע ט מ ו ז ע ן ברײנגען דערצו, אַז הונדערט־טױזענטער פֿון דעם בעל־מלאכה׳שען און הענדלערישען פּראָלעטאריאט װעלען אַרױסגעװאָרפֿען װערען אויף׳ן גאַס און װעלען פֿאַרגרעסערען די מחנות פֿון דער פֿאַראָרימטער יודישער מאַסע. אַ חוץ דעם דאַרפֿען מיר אָבער נישט פֿאַרגעסען, אז אומעטום איז די סאָציאַל־עקאָנאָמישע לאַגע פֿון דעם פֿאבריק־פּראלעטאריאט ענג פֿארבונדען מיט דעם גורל פֿון ,דער רעזערװנער פּראָלעטארישער ארמעע״, אדער װי מען האָט זי געבענשט מיט דעם נאָמען „לומפּען־פּראָלעטאריאט״. אין דעם ביטערען קאמפּף פֿאר׳ן שטיקעל ברויט מוז אָט דער לומפּען־פּראָלעטאריאט אַראָבדרוקען די שׂכירות פֿון דעם װירקליכען פּראָלעטאריאט, ער מאכט דערמיט אונמעגליך יעדע פּראָפֿעסיאָנאַלע אָרגאניזאציע און לאזט אראָב ניעדריגער דעם אלגעמײנעם „Standart of life“[1] פֿון דעם פּראָלעטאריאט. װי באלד אזוי, איז װען נאָר אונזער פּאָטענציעלער יודישער פּראלעטאריאט איז פֿאַראינטערעסירט אין דער שאפֿונג פֿון יודען־שטאַאַט, איז שוין דערמיט גופֿא באװיזען, אז די ג א נ צ ע יודישע פּראָלעטארישע מאסע איז אין דעם פֿאראינטערעסירט.

עס עקסיסטירט דאך אָבער אין דעם לעבען פֿונ׳ם יודישען פֿאָלק אַ גאנ׳ן אָביעקטיװע ערשײנונג, װאס װירקט מיט א פֿאטאלישער, עקשנות׳דיגער קראַפֿט, װאס באװײזט אונז קלאָר װי דער טאָג די נויטיגקייט פֿון א נײער לײזונג פֿאר דער יודען־פֿראגע: ד י ע מ י ג ר א צ י ע. אינטערעסאַנט איז, אז דער „בונד״ האט זיך נאָך קײן מאָהל נישט געפּרובט חאָטש א ריהר צו טהון מיט׳ן מוח װעגען אָט דער דאזיגער ערשײנונג. ער געהט דורך פֿאַרבײ איהר שװײגענדיגערהײט, אַקוראַט װי דאס עמיגראַציאָנס־פּראָבלעם עקסיסטירט גאָר פֿאר איהם נישט. דערװײלע זעהען מיר, אז די דאזיגע עמיגראציע בילדעט איהרע מחנות הױפּטזעכליך צװישען אונזער פֿאַראָרימטער קלײן־בורזשואַזיע און צװישען דעם פּראָלעטאריאט. פֿון דער אנדער זײט הױבען אָן די לענדער װאוהין אונזערע עמיגראנטען האָבען ביז איצט זיך געלאָזען, אַלײן שארפֿערע און שארפֿערע מיטלען אָנצונעהמען געגען דעם שטראם פֿון „פֿרעמדע״. דאס הײסט הױפּטזעכליך פֿון יודען. קאָן מען דען נאך אַלײן

[1]) שטײגער פון לעבען.

דעם, וואס קומט פֿאָר פֿאַר אונזערע אויגען מסופק זיין וועגען דעם, צי דער יודישער פּראָלעטאריאט איז פֿאראינטערעסירט אין דער שאפֿונג פֿון א יודישער מדינה? נאר פֿאר ד ע ם קאן דאס בלייבען א פֿראגע, וועלכער איז פֿעהיג אויסצומעקען בכלל פֿון זיינע חשבונות דעם פֿאקט פֿון דער מאסען־עמיגראציע, וואס זי וואלט נאָך אָנעהמען אסך א גרעסערע מאָס, ווען אלע וואס ווילען, וואָלטען געקאנט עמיגרירען. יאָ, זאָגט מען אונז אבער, „ווען מיר ווילען צוציהען צום ציוניסטישען לאגער ארבייטער, מוזען מיר זיי פֿאָרלייגען עפעס בעסערס אין דעם צוקינפֿטיגען יודישען שטאאט". דער עמיגראציאנס־הונגער פֿון דער יודישער מאסע באווייזט אונז, אז ווען אפילו די לאגע פֿון די ווירקליכע יודישע ארבייטער וואָלט געווען באַדעקט מיט רויזען, וואָלטען זיי אויך דעמאָלט זיין פֿאראינטערעסירט אין דער שאפֿונג פֿון א עמיגראציאָנס צענטער פֿאר דעם גרויסען יודישען לומפען־פּראָלעטאריאט, וועלכער וועט מוזען, ווען נישט אָט דער אויסגאנג, אליין פֿארשלעכטערען די לאגע פֿון יענע ארבייטער, וואָס איצטער ניטצען זיי אויס כלומר׳שט די רווָחים פֿון א נארמאלער פּראָלעטאריזאציע. אבער פֿון דער אנדער זייט זעהען מיר דאָך קלאָר פֿון די צאָהלען, וואָס מיר האָבען געבראַכט, אַז קיין איין׳איינציגע גרופע פֿון דער יודישער פּראָלעטאַרישער מאַסע געפֿינט זיך נישט אין אַ נאָרמאַלער לאַגע, נישט נאָר די בעלי־מלאכות, נאָר אַפֿילו די פֿאַבריק־אַרבייטער, וואָס זייער גורל איז, פֿאַרפֿאַלען צו ווערען אין דער הויז־פּראָדוקציע. דעריבער מוזען מיר אויף דער פֿראַגע צי איז דער יודישער פּראָלעטאַריאַט פֿאַראינטערעסירט אין דער שאַפֿונג פֿון אַ יודישע מדינה אוודאי ענטפֿערן: יאָ, ווען מיר וואָלטען אפילו אויף אַ מינוט צולאָזען, אַז ד אָ ר ט ע ן, וועט דער יודישער אַרבייטער אויך אזוי שטאַרק עקספּלואַטירט ווערען, ווי ד א. די פֿראַזע, וואָס מען האָט געלאָזען אין דער לופֿט, אז דעם יודישען אַרבייטער איז קיין שום נפקא־מינה נישט, ווער עס וועט איהם עקספּלואַטירען, איז טאַקי נישט מעהר ווי אַ הוילע פֿראַזע, ווארום אין דער אמת׳ען וויל דאָך גאָר קיינער נישט דעם יודישען אַרבייטער דאָ עקספּלואַטירען א חוץ די יודישע אונטערנעהמער. אין דעם, ווען איהר ווילט, באשטעהט דאָך די גאַנצע טראַגיק, ווען מען שטעהט אויף׳ן שטאַנדפונקט פֿון דעם „עקאָנאָמישען ציוניזמוס", וואס די נישט־יודען ווילען גאָר נישט דעם „מעהר־ווערט" פֿון דעם יודישען אַרבייטער. ס׳קומט אויס אַז א י ד אָ, א י ד אָ ר ט — אי אין גלות, אי

אין דעם איינענעם שטאאט — ווערט דער יודישער אַרבייטער סיי ווי סיי עקספּלואַטירט נאָר פון דעם יודישען אונטערנעהמער. אויף אזא מין אופן באקומט אונזער האַרבע שאלה גאָר אַנ'אַנדער צורה און מיר מוזען זי אזוי פאַרמולירען: צי לוינט בעסער פאַר דעם יודישען אַרבייטער שאַפען א מעהר ווערט פאַר'ן יודישען אונטערנעהמער דא אין גלות, אָדער בעסער אין דער אייגענער מדינה?

באַטראַכטענדיג גוט די דאָזיגע פראַגע, וועט יעדערער פאַרשטעהען, אז אויף איהר קאָן מען געבען נאר איין איינציגען ענטפער, שוין דערפאַר אַליין, ווייל דאָרט וועט דער יודישער אַרבייטער פריי קאָנען אריינדרינגען אין אַלע פאַרמען פון דער אינדוסטריע נישט נאר אין דער קליינער, נאר אויך אין דער גרויסער, נישט נאר אין פאַבריקען מיט דער הויז־פּראדוקציע, נאר אויך מיט מאַשינען. דארט וועט ער זיין נישט קיין שטיף־קינד, נאָר דאָס אייגענע קינד פון דער נאַציאָנאַלע אינדוסטריע.

אָבער עס האַנדעלט זיך נישט נאָר וועגען דער פּראָלעטאַריזאַציע, נאָר אויך וועגען דעם נעהענטער ווערען צו דעם מאָמענט, ווען עס וועט איבערהויפּט מעהר נישט געשאַפען ווערען קיין מעהר ווערט, ווען עס וועט איבערהויפּט נישט זיין קיין פּראָלעטאַריאַט. עס איז קיין שום ספק נישטא אין דעם, אַז דעם דאָזיגען מאָמענט וועלען קאָנען די יודישע פּראָלעטאַריער גרינגער דערגרייכען אין אייגענער מדינה איידער אין גלות, וואו עס דריקען זיי די טיעף אין לעבען איינגעוואורצעלטע פּראָדוקציאָנס־פערהעלטניסען. מיר זאָגען גרינגער, אָבער נישט גיכער, ווארום די סאָציאליזאַציע פון דער פּראדוקציע קאָן נישט געשעהען אין איין לאַנד, דאָס איז אַ זאַך וואָס קאָן פאַרווירקליכט ווערען נאָר דורך אַ אינטערנאַציאָנאלען אויסגלייך ווענינגסטענס פון אַלע ציוויליזירטע מדינות. נאָר אין יעדען איינצעלנעם מאָמענט וועלען מיר קאָנען ביי א ו נ ז פאַרווירקליכען די העכסטע פאָרם פון עקאָנאָמישע בעציהונגען, וואָס איז נאָר אין דעם מאָמענט מעגליך. אָט די דאָזיגע מיינונג רוהט נישט אויף דער סוביעקטיווער ווייכהאַרציקייט פון אונזער יודישער בורזשואַזיע און נישט אויף דעם דעמאָקראַטישען האראקטער פון אונזער סאָציאַלער געזעצגעבונג, וואָס האָט שוין דעמאָלט נישט געוואָלט וויסען פון קנעכטשאַפט, ווען אומעטום איז זי נאָך געווען א שטאַאטליכער אינסטיטוט. אונזער מיינונג שטיצט זיך אויף אָביעקטיווע פאַקטען. דאָס איז ידוע, אז אַ נייע שטאדט ־עאַליזירט מיט א מאָל אלע רעזול־

טאטען פֿון דער נייעסטער טעכניקע, דערפֿאר געפֿינען מיר אין א יונגער קהלה פֿון אנהויב אן אנ׳עלעקטרישען טראמוואי, עלעקטרישע בעלייכ־טונג, ברייטע גאַסען, גערטנער א.ז.וו. די יונגסטע אינדוסטריע — די דייטשע — האט פֿון אנהויב אן אנגענומען די העכסטע פֿארמען פֿון דער מאשינען־טעכניקע. דאס זעלבע מוז אויך זיין ביי אונז. דער צוקונפֿטינער יודישער שטאאט וועט מוזען פֿון אנהויב אן אנגעה־מען די פראגרעסיווסטע פֿארמען פֿון א צוזאמען לעבען; איהם וועט נישט אויסקומען צו קעמפֿפֿען נישט מיט די פֿארשימעלטע רעשטען פֿון דעם פֿעאדאליזמוס, נישט מיט דעם רעאקציאנעם גייסט פֿון דער קליין־פראדוקציע, נישט מיט דעם קאנסערוואטיווען הארא‌קטער פֿון א הונדערטיעהריגען פויערישען קלאס. דער פראגרעסיווער גייסט פֿון א נייעם צוזאמען־לעבען היינגט נישט אב פֿון דעם גוטען מענשליכען ווילען, ער ווערט אויסגעארבייט דורך דער אביעקטיווער נויטווענדיגקייט צו עקזיסטירען: א נייע געזעלשאפֿט קאן נאר דעמאלט עקזיסטירען און ענטוויקלען זיך, ווען זי איז בעסער פֿאר דער אלטער. א חוץ אט דער אָביעקטיווער סיבה איז נאך פֿארהאן א צווייטע, וואס זי ווייזט זיך פֿון אויבען אויס פֿאר א סוביעקטיווער, מיר ריידען וועגען א בע־וואוסטער השפעה פֿון דעם יודישען פראָלעטאריאַט אויף דער בילדונג און אויף דער ענטוויקלונג פֿון דער צוקונפֿטינער יודישער מדינה.

וואס מעהר דער יודישער פּראָלעטאַריאַט וועט ווערען ציוניסטיש וואס מעהר ער וועט טהייל נעהמען אין דער שאַפֿונג פֿון דעם יודענ־שטאאט, אַלץ גרעסער און שטאַרקער וועט ווערען זיין ווירקונג אויף איהם, אַלץ בעסער וועלען אָבגעהיט ווערען זיינע אינטערעסען, און זיינע פּרינציפּען וועלען ווערען צו יסודות פֿון דעם נייע־געגרינדעטען יודישען לאַנד. דעמאָלט וועט מען פֿאַרשפּאָרען פֿיהרען אַ לאַנג־יאָהריגען קאמפף אויף צו דערגרייכען די סאָציאַלע געזעצגעבונג. וואָס זאָל אָנגעפּאַסט זיין צו די בעדערפֿנישען פֿון דעם פּראָגרעסיווען פּראָלעטאַריאַט. די דאָזיגע געזעצגעבונג וועט זיין אַ פֿאָרבעדינגונג ביי דער רעאַליזירונג פֿונ׳ם ציוניסטישען אידעאַל.

אַגב באַווייזט אונז דאס לעבען די ריכטיקייט פֿון אונזער מיינונג. דער ציוניזמוס, אויף וויעפֿיעל ער באשאפֿט נאר רעאַלע אינסטיטוטען, איז שוין איצט דורכגעדרונגען פֿונ׳ם דעמאָקראטישען גייסט. אונזער נאציאנאל־פֿאָנד האט פּראָקלאמירט די נאציאנאליזירונג פֿון דער ערד, אונזער אָרגאניזאציע איז געגרינדעט אויף דעם אַלגעמיינעם, גלייכען,

דירעקטען און געהיימען וואהל־רעכט, אָהן אונטערשיעד צווישען מאַנס־בילען און פרויען, וואס ביז צו דער מדרגה זיינען נאך נישט דער־וואַקסען אַפילו סאָציאליסטען פון אַ סך לענדער. דער איינציגער ציוניס־טישער פראָיעקט וועגען קאָלאָניזאציע, אויסגעוואקסען אויף דעם באָדען פון דעם ציוניזמוס — אָפּענהיימער׳ס ארבייט — לענט אוועק פאר א יסוד פון דעם גאנצען סיסטעם דאס אָבשאפען פון ערד־רענטע, פון געדונגענער ארבייט און פון עקספּלואַטאַציע. דער פּראָיעקט איז געגרינדעט אויף דעם גרויסען פּרינציפּ פון קאָאָפּעראַציע (געגאָסענשאַפּט).

און מען מוז באַמערקען: א ברייטע און אינטענסיווע יודישע קאלאניזאציע אויף אַ נ׳ א י ג ע נ ע ם טעריטאָריום איז אויף אנדערע בעדינגונגען איבערהויפּט אונמעגליך. ס׳איז נישט דאָ דער אָרט צו פאַרנעהמען זיך מיט דער פראגע. [אַ חוץ דעם האבען מיר דעם דאָזיגען חשבון שוין ענטוויקעלט אין אונזערען אנ׳ארטיקעל וועגען אָפּענ־היימער׳ס סיסטעם [1]], נאר דאס איז זיכער, אַז פון דעם יודישען פּראָלעטאריאט היינט אָב אַליין מעהר און מעהר צו דעמאָקראַטיזירען אלע ציוניסטישע אינסטיטוטען אין גלות און אַליין וואס וועט געגרינדעט ווערען אויף דעם אייגענעם טעריטאָריום, ד. ה. נאָך אונזער מיינונג, אין פּ א ל ע ס ט י נ ע.

קורץ, דער יודישער פּראָלעטאַריאט איז פאַראינטערעסירט אין דער שאפונג פון דעם יודענשטאאט, ערשטענס ווייל ער האָט נישט קיין אנדער ברירה, ווייל אין גלות קאָן ער זיך איבערהויפּט נישט נארמאל פּראלעטאריזירען, נישט נאָר אין רוסלאַנד אין גאַליציען, נאָר אויך אין לאנדאן און ניו־יאָרק; צווייטענס ווייל אין די ראהמען פון אַ׳אייגענער מדינה וועט ער האָבען די מעגליכקייט אי גיכער אי בעסער צו פאַר־ווירקליכען די בעדינגונגען פונ׳ם לעבען, וואָס זיינען נויטיג פאַר אַנ־אלזייטיגער ענטוויקלונג. מיר האָבען ביז איצט נעהאט אין זינען נאָר די עקאָנאָמישע בעדערפּנישען פון אונזער פּראָלעטארישער מאסע. אין דער אמת׳ען אָבער איז דאָך די דאָזיגע מאסע פּונקט אזוי פיעל פאר־אינטערעסירט אין אַ בעפריעדיגענדער לייזונג פון דעם נאציאנאלע יודישען פּראָבלעם, ווי דער פּוילישער פּראָלעטאריאט איז פאר־נטערעד־סירט אין דער לייזונג פון דער פּויליש־נאציאנאלער פּראגע און דער טשעכישער — אין דער לייזונג פון דער טשעכיש־נאציאנאלער פּראגע.

---

[1]) יעווריעיסק. זשין. 1904. 8—7 בוך.

זאלען אונזערע פועלי־ציון קיין מאל נישט פֿארגעסען בעבעל'ס וויכ־טיגע ווערטער: „אנ'ענערגישעס פֿאלק, וואס מען ריהרט אן זיין שפּראך, זיינע שטרעבונגען ובכן אויך זיינע מאטעריאלנע אינטערעסען, וועט שטענדיג שטרעבען צו דערגרייכען זיין נאציאנאלע זעלבסטשטענדינקייט, ווארום נאר זי אליין גאראנטירט איהם דעם אריגינעלען כאראקטער פֿון זיין ציוויליזאציע". די נאציאנאלע זעלבסטשטענדיגקייט איז דער יסוד פֿון דעם פּראגרעס ביי יעדען פֿאלק. דער יודישער פּראלעטאריאט, ווי אויך דער פּראלעטאריאט פֿון אלע ציוויליזירטע פֿעלקער טאר נישט יוצא זיין מיט זיינע אלטעגליכע אינטערעסען אליין; ער מוז שטעהען אויבען אן ביי אלע פּראגרעסיווע בעוועגונגען אין זיין פֿאלק, אלזא אויך פֿון דער נאציאנאלער פֿארם. נאר יענער קלאס קאן שפּיעלען די פֿיה־רענדע ראלע אין דער געשיכטע, וועלכער איז פֿעהיג ארומצונעהמען אין זיין אידעאל נישט נאר זיינע ענגע קלאסען־אינטערעסען, נאר אויך אלע אינטערעסען פֿון דעם פֿאלקס־פּראגרעס. נאר אויף אזא אופֿן ווערט ערקלערט די היסטארישע ראלע פֿון דעם קעניגטום, פֿון דער אריסטא־קראטיע: ס'איז געוועזן א צייט, ווען די קעניגליכע מאכט איז געוועזן די טרעגערין פֿון דעם פֿאלקס־פּראגרעס. און אויך אזוי ווערט ערקלערט די ראָלע פֿון דעם דריטען קלאס בשעת דער פֿראנצויזישער רעוואלוציע; אין יענע לענדער, ווי די בורזשואזיע האט נישט געקאָנט ארויסטרעטען ווי א פֿארטיידיגערין פֿון די פֿאלקס־אינטערעסען, דארטען האט זי קיין גרויסע ממשות נישט געהאט. א ביישפּיעל זעהען מיר איצט פֿאר אונ־זערע אויגען. נאר די אייגענע געשיכטע איז אויך מיט דעם פּראלעטאריאט. דעריבער סטארען זיך די סאציאל־דעמאקראטען פֿון דער גאנצער וועלט צו באווייזען מיט'ן ווארט און מיט טהאט, אז דער פּראלעטאריאט, קעמפּפֿענדיג פֿאר זיין אידעאל, שטרעבט אין דער זעלבער צייט צו דער פֿארווירקליכונג פֿון אלע פּראג־רעס־פֿארמען, צו שוין זשע וועט דער יודישער פּראלעטאריאט זיך ארויסווייזען פֿאַר דעם איינציגען אין דער וועלט, וואָס ער וועט איבער די בוימער דעם וואַלד נישט זעהען, וואָס ער וועט נישט קאָנען אַרומ־נעהמען דעם תוך פֿון די אידעאַלען און פֿון די האָפֿנונגען פֿון זיין פֿאָלק, וואָס ער וועט מיט עקשנות אָבטהיילען זיין אייגענעם גורל פֿון דעם גורל וואָס מוז טרעפֿען דאָס ליידענדע יודישע פֿאָלק? ניין! מיר זענען זיכער, אַז אויך דער יודישער פּראָלעטאַריאַט וועט זיך אַוועק־שטעלען אין די ערשטע שורות פֿון דער נאַציאָנאַלער פֿרייהייטס־בעווע־

גונג פֿון זיין פֿאָלק, נישט נאָר ווייל דאָס פֿאָדערן פֿון איהם זיינע קלאַסען־אינטערעסען, ווייל אין דעם אייגענעם שטאַאַט וועט ער זיך קאָנען בעסער און נאָרמאַלער פּראָלעטאַריזירען, נאָר אויך דערפֿאַר, ווייל איהם איז טייער דער גייסטיגער פּראָגרעס פֿון דעם יודישען פֿאָלק, וועלכער איז מעגליך נאָר אין ראַהמען פֿון אַ פֿאָלשטענדיגער נאַציאָנאַלער אונאַבהענגיקייט, דאָס הייסט, נאָר ביי דער פֿאָרווירקליכונג פֿונ'ם באַזעלער פּראָגראַם, און אויך דערפֿאַר, ווייל איהם זיינען טייער די אינטערעסען פֿון דער גאַנצער יודישער מאַסע, וועלכע איז דורך דעם גאַנג פֿונ'ם לעבען פֿאַר'משפּט אויף אַ פּאַמעליכע מיט גרויסע יסורים פֿאַרבונדענע עקאָנאָמישער און גייסטיגער ענטאַרטונג.

דער יודישער פּראָלעטאַריאַט וועט זיך געוויס אַרויסווייזען אויף דער זעלבער הויך, ווי דער פֿראַנצויזישער, וועלכער האָט געקאָנט אין אַלע קריטישע מאָמענטען פֿון דער פֿראַנצויזישער געשיכטע פֿון די לעצטע 15—10 יאָהר שטעהען אויבען אָן פֿון דעם אַלגעמיין־פֿראַנצויזישען פּראָגרעס: אי אין דער באַקאַנטער דריפֿוס־אַפֿערע, אי אין דעם ענטשיידענעם קאַמפּף מיט די קלעריקאַלע רעאַקציאָנערען, אי אין דער מלחמה פֿאַר דער דורכפֿיהרונג פֿונם געזעץ וועגען אָבטהיילען די קירכע פֿון דער מדינה — אין די אַלע מאָמענטען זיינען די פֿראַנצויזישע סאָציאַליסטען געווען אין די ערשטע רייהען פֿון די קעמפֿער, און נאָר דורך דעם האָבען זיי ערוואָרבען אַ גרויסע השפּעה אויף דעם פּאָליטישען לעבען פֿון פֿראַנקרייך.

אי מאַטעריעל, אי מאָראַליש איז דער יודישער פּראָלעטאַריאַט פֿאַראינטערעסירט אין דעם ציוניזמוס און ער וועט ווערען ציוניסטיש.

איצט בלייבט אונז קורץ צו באַטראַכטען די פּראַקטיקע פֿון דעם פּועלי־ציוניזמוס.

## X.

דער פּועלי־ציוניזמוס און די אַלגעמיין־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. דער ציוניזמוס איז אַ באַוועגונג, וואָס באַריהרט אַלע קלאַסען. דער פּועלי־ציוניזמוס איז אַ פּאַרטיי אין דער פֿאָלקס־באַוועגונג, וועלכע פֿאַרטיידיגט די אינטערעסען פֿון דער יודישער פּראָלעטאַרישער מאַסע. דער פּועלי־ציוניזמוס איז אַן אַלוועלט־

ליכע און אווטאָנאָמע אָרגאַניזאַציע אין׳ם ציוניזמוס און אַ גלייך־בארעכטיגט מיטגליעד אין דער אָרגאַניזאַציע פֿון דעם אינ־טערנאציאָנאַלען פראָלעטאַריאַט. דער פועלי־ציוניזמוס און זיין אַרבייטס־פראָגראַם אין די גלות־לענדער אין דער ספֿערע פֿון עקאָנאָמיקע, פּאָליטיקע און נאציאָנאַלען לעבען. דער באַנד צווי־שען דער געגענוואַרט און דער צוקונפֿט.

נישט די טעאָריע, נאָר די פראַקטיקע רופֿט אַרויס די שטורמ־דיגסטע ויכוחים אין דעם פועלי־ציוניסטישען לאַגער. מיר וועלען דער־נאָך זעהען, ווי אָט די דאָזיגע ויכוחים רופֿען זיך אָב אויף דער גע־גענוואַרטס־אַרבייט. איצט מוזען מיר באטראַכטען צוויי הויפּט־פראַגען: דאָס פֿארהעלטנים פֿון די פּועלי־ציון צו דער אַלגעמיין־ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פֿון איין זייט און צו דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פֿון דער אַנדער זייט. דער ענטפֿער אויף די דאָזיגע פֿראַגען ווערט באַשטימט דורך אונזער פֿארהעלטנים צום ציוניזמוס ווי צו אַ באוועגונג, וואָס טראָגט נישט קיין קלאַסען־כאַראַקטער. נאָר דאָ מוזען מיר קודם כל זאָגען אַ פּאָר ווערטער איבערהויפּט וועגען דעם פרינציפּ פֿון קלאַסען־קאַמפּף. מיר האָבען שוין איינמאָל אָנגעוויעזען, און מיר הזר׳ן דאס נאָך אַמאָל איבער, אַז נישט ריכטיג איז די מיינונג, וואָס האַלט די גאַנצע מענשליכע און פֿעלקערליכע געשיכטע נישט מעהר ווי פֿאַר אַ קלאַסען־קאַמפּף. דער נאַציאָנאַלער קאַמפּף, וואָס האָט שטענדיג געשפּיעלט א גרויסע ראָלע אין דער געשיכטע פֿון די פֿעלקער, טראָגט געוועהנליך נישט קיין קלאַסען־כאַראַקטער. און דער „אָרטאדאקסאַלנער בונד“, ווי נאר ער האט אָנגעהויבען צו רעדען מכח נאַציאָנאַלע פֿאָדערונגען, איז ער שוין אַראָב פֿון וועג. האָט ער שוין דערמיט טרפה געמאַכט זיין ריינעם כשר׳ן קלאַסען־שטאנדפּונקט. ליידער קענען מיר דאָ וועגען דעם באריכות נישט ריידען. בכלל ווערט דאס פּאָליטישע לעבען אין דער לעצטער צייט אַלץ מעהר און מעהר פֿארפּלאָנטעט. און דאָס פֿיהרט צו פֿאַרשיעדענע קאמבינאַציעס צווישען פֿארשיעדענע קלאַסען, ווי מיר זעהען דאָס טאָג־טעגליך אין די צייטינג פשרות און בינדניסען צווישען סאָציאַלדעמאקראטען און דער בורזשו־אַזיע פֿין פֿארשיעדענע שאטירונגען. צום טהייל קאן מען דאָס ערקלע־רען דערמיט, וואָס אין דער אמת׳ען באַגעגנען מיר זיך זעהר זעלטען מיט אַ געגענזאַץ פֿון צוויי שאַרף באַשטימטע קלאַסען. על פי רוב

האָבען מיר צוטהין מיט אַ גרויסער צאָהל פֿון פֿאַרשיעדענע צווישען־גרופּען, וואָס מאַכען אָב פֿארשיעדענע קאָמבינאַציעס צווישען זיך און צווישען די קלאַסען, וואָס שטעהען אויף ביידע עקען פֿון דעם געזעל־שאפֿטליכען לייטער.

דאס זעלבע מוז אויך ביי דעם יודישען פֿאָלק פֿאָרקומען און ביי איהם נאָך מעהר, ווי ביי אנדערע, וויil ער לעבט צווישען משונה׳דיגסטע באדינגונגען, וואָס שטערען די נאָרמאַלע ענטוויקלונג פֿון אַ קלאַסען־דיפֿערענצירונג. מען דאַרף זיך דערביי נישט לאָזען נאַרען דורך אויסערע סימנים: מען דאַרף נישט צונויפֿמישען די קלאַסען־פּסיחאָלאָגיע מיט דער קלאַסען־סאָציאָלאָגיע. כאראקטעריסטיש איז דער פֿאַקט, וואָס ביי די יודען נישט נאָר אין מזרח, נאר אייך אין מערב־אייראָפּאַ איז די קלאַסען־פּסיחאָלאָגיע אַ סך מעהר ענטוויקעלט, איידער די קלאַסען־סאָציאָלאָגיע. אין פֿראַנקרייך און אין דייטשלאַנד זיינען פֿאַרהאַן אַ סך יודען, וואס געהערען צו דער בורזשואזיע און וואָס זיינען דורכגעדרונגען אין זייער וועלט־אַנשויאונג מיט דעם סאָציאַליזמוס. קורץ, ביי יודען בכלל, און אין רוסלאַנד און אין גאַליציען בפרט איז די קלאַסען־דיפֿערענציאַציע נישט שאַרף ענטוויקעלט. ס׳פֿאַרשטעהט זיך, דאָס באווייזט לחלוטין נישט, אַז די יודען בילדען כלומר׳שט אַנ׳איינפֿערמיגע מאסע. ניין: די קלאסען־חילוקים ענטוויקלען זיך אלץ שטארקער און שטארקער, אבער די הפוכים (די געגענזאצען) צווישען די קלאַסען ווערען אַלץ ווייכער דורך דער אַלגעמיינער אונ־נאָרמאלע לאגע.

וואס איז אזוינס דער ציוניזמוס פֿון דעם קלאסען־שטאנדפּונקט? צי איז אין דעם ציוניזמוס פֿאַראינטערעסירט דאס גאנצע יודישע פֿאָלק אָדער נאר איינער פֿון זיינע קלאַסען? אַלץ, וואָס מיר האָבען אַ־ומ־גערעדט אין די פֿריהערדיגע קאַפּיטלען באַווייזט נאר איינס: אין דער רעאליזירונג פֿון דעם ציוניסטישען אידעאַל איז פֿאַ־אינטערעסירט דאָס גאנצע יודישע פֿאָלק, דאָס הייסט אלע זיינע קלאסען. אַלע אונזער־ע פֿאָרשטעהער פֿון דעם פּראָלעטאַרישען ציוניזמוס און די אָרטאָדאָקסאַלע מאַרקסיסטען בכלל באַנ־ינדען זייער ציוניזמוס אויף דער אָב־עקטיווער ערשיינונג פֿון דער מאַסען־עמיגראַציע. אָבער ווער עמיגרירט? צי דע עמיגרירט נאָר אונזער פּראָלעטאַריאט (אינ׳ם מארקסיסטישען זינן)? וואָס דערצעהלען אונז די צאָהלען? וואָס איז שייך צו רוסלאַנד, מוזען מיר אויף גרונד פֿון אפֿיציעלע אנגאבען פֿארצייכענען, אַז אין דעם

משך פֿון די לעצטע 25 יאהר האט אַ פֿינפֿט־חלק פֿון דער גאַנצער יודישער באפֿעלקערונג עמיגרירט אין אַנדערע לענדער.

פֿון דעם 1881־סטען ביז צום 1905־טען יאָהר באַטרעפֿט די רוסיש־יודישע עמיגראַציע

| | | |
|---|---|---|
| אין די פֿעראייניגטע שטאאטען פֿון צפֿון־אמעריקא | 890.000 | נפשות |
| גרויס־בריטאַניען (ענגלאנד) | 80.000 | „ |
| פּאַלעסטינע | 25.000 | „ |
| קאנאדא | 20.000 | „ |
| דרום־אפֿריקא | 33.000 | „ |
| דייטשלאנד | 15.000 | „ |
| פֿראנקרייך | 40.000 | „ |
| אנדערע לענדער | 30.000 | „ |
| סך־הכל | 1.133.000 | נפשות |

די יודישע עמיגראַציע פֿון עסטרייך (גאליציען) באַטרעפֿט פֿאַר די לעצטע 7 יאהר אליין אין די אמעריקאנישע שטאאטען 110.176 נפשות. די דאזיגע צאהל קאן פֿאַרדאָפּעלט ווערען, ווען מיר וועלען דערצו צורעכענען די צאהל פֿון גאליצישע יודען, וואס האבען עמיגרירט אין אנדערע לענדער. אט די עטליכע צאהלען אליין באווייזען שוין, אז נישט נאר יודישע פּראלעטאריער (אינ'ם וויסענשאפֿטליכען זינן פֿון דעם ווארט), נאר יודען איבערהויפּט האבען עמיגרירט.

און ווען מיר וועלען נאך אנאליזירען די אנגאבען (חאטש נישט קיין פֿאלשטענדיגע) וועגען די פּראפֿעסיעס פֿון די עמיגראנטען, קאנען מיר זיך גאנץ גוט איבערציינען, אז צווישען זיי געהער'ען $60^0/_0$ צו די זאגענאנטע זעלבסטשטענדיגע פּראָפֿעסיעס (בעל־מלאכות און קליין־סוחרים). אט דאס דער'צעהלען אונז די אביעקטיווע אנגאבען וועגען דער יודישער עמיגראציע.

פֿון דער אנדער זייט זעהען מיר, אז די ציוניסטישע אידעע האט געפֿינען אנהענגער אין אלע לענדער. צווישען אלע יודישע שיכטען. אין אינזערע קאנגרעסען שפּיגלען זיך אָב אַלע קלאסען פֿון אונזער פֿאלק. פֿאקטיש איז כמעט דאס גאנצע פֿאלק פֿאראינטערעסירט אין דעם ציוניזמוס, אפשר נאר קליינע אויסנאהמען זיינען דא. און ווי באלד די ציוניסטישע באוועגונג נעהמט ארום אלע קלאסען פֿון אונזער פאלק, מוז דער פּועלי־ציוניזמוס ארומנעהמען דעם קלאס פֿון דעם ווירקליכען און פֿון דעם נאהענט צו איהם צושטעהענדען פאטענציאנעלען פּראלעטאריאט.

מיר האבען שוין אין דעם ערשטען קאפיטעל אנגעוויעזען, אז
די דיפערענצירונג אין אונזער באוועגונג איז ארויסגערופען געווארען
דורך אביעקטיווע סיבות און דארום איז זי נישט נאר אונפערמיידליך,
אדרבה זי איז נאך א מעלה. ווענען דעם איז נאר נישט שייך צו
שטרייטען, נאר עס מוז קלאר באשטימט ווערען דאס פארהעלטניס פון
דער פועלי־ציוניסטישער ארגאניזאציע צו דער אלגעמיין־ציוניסטישער.

איינס איז קלאר: דער פועלי־ציוניזמוס דארף ארומנעמען אלע
יודישע פראלעטאריער פון דער גאנצער וועלט, דאס הייסט ער מוז
ווערען אנ׳אלוועטליכע ארגאניזאציע. איבערהויפט מוז דער ציוניזמוס
אנווערען זיין אינטערטעריטאריאלען כאראקטער, וואס די בעוועגונג מוז
דערביי צופאלען אויף „לאנדסמאנשאפטען", ער מוז אננעהמען אנ׳אל־
געמיין־נאציאנאלען כאראקטער, און די ארגאניזאציע, ווי די באוועגונג,
מוז באשטעהען פון איינצעלנע פארטיעס. דעמאלט וועט דער פועלי־
ציוניזמוס בילדען א פראלעטארישע פארטיי אין דער אלגעמיינער
ארגאניזאציע, איך וויעפיעל די דאזיגע ארגאניזאציע ערפילט די
פונקציעס פון א מדינה, אויף וויעפיעל זי איז „א שטאאט אים ווער־
דען" אויף אזוי פיעל באטיילינט זיך דער פועלי־ציוניזמוס, ווי א פארטיי,
אין איהר: אין דער באנק, אין דעם נאציאנאל־פאנד, ביי דער רע־
אלנער ארבייט אין פאלעסטינא, אויף די קאנגרעסען, און די הוצאות
אויף דעם אקציאנס־קאמיטע. וואס איז אבער שייך צו דער ארבייט
אין די גלות־לענדער אין אלע איהרע פארמען, דארט בילדעט
דער פועלי־ציוניזמוס א גאנץ בעזונדערע, זעלבסטשטענדיגע ארגאניזא־
ציע. מיט אנדערע ווערטער: דער פועלי־ציוניזמוס שטעלט פאר אנ׳־
אלוועלטליכע אויטאנאמיע ארגאניזאציע פון דעם יודישען פראלע־
טאריאט, וואס נעהמט אריין אין דער אלגעמיין־ציוניסטישער ארגאני־
זאציע, נאר אויף וויפיעל די לעצטע האט צו רעאליזירען דעם ציוניס־
טישען אידעאל, וואס איז גלייך וויכטיג פאר דעם גאנצען יודישען
פאלק, דערביי בלייבט זי אבער א באזונדערע פארטיי, וואס איז גאנץ
זעלבסטשטענדיג אין אלע פראגען, וואס ריהרען אן די שפעציעלע
אינטערעסען פון דעם פראלעטאריאט.[1]) אין אט די פראגען נעהען
די פועלי־ציון אין דעם קאמפף פאר זייערע קלאסען־אינטערעסען האנד

[1]) אז עס קען נור זיין אזוי, בעווייזט דאס פערהעלטניס פון דעם פער־
שיעדענעם קלאסען צום אלגעמיין ציוניסטישען אידעאל. פאר׳ן יודישען פראָ־

אין האנד מיט דעם פראלעטאריאט פֿון אנדערע נאציאנען פֿון דעם זעלבען לאנד און פֿון דער גאנצער וועלט. די פועלי־ציון, וואס פֿארטרעטען דעם פראלעטאריאט פֿון דער יודישער נאציאן און פֿון דעם זיך בילדענדען יודישע שטאאט. כדי צו פֿארטייגען זייערע קלאסען־אינטערעסען, טרעטען אריין אין דער ארגאניזאציע פֿון דעם אינטערנאציאנאלען פראלעטאריאט, אלס א גלייך־בערעכטיגט מיטגליעד. מיר מוזען באמערקען, אז דאס לעצטע איז א הכרחות אפילו פֿון דעם שטאנדפונקט פֿון דער רעאליזאציע פֿון דעם אלגעמיין־ציוניסטישען אידעאל. עס איז נויטיג, אז דער אינטערנאציאנאלער פראלעטאריאט זאל נישט נאר וויסען דעם תוך פֿון דער יודישער פֿראגע, נאר ער זאל אונז אויך שטיצען מיט הילף אין דער לייזונג פֿון דער דאזיגער פֿראגע. איצטער האט די אינטערנאציאנאלע קיין שום השגה נישט וועגען דער יודענפֿראגע, נאך מעהר, די דאזיגע פֿראגע עקסיסטירט גאר פֿאר איהר נישט. און די דבורים מכח דעם. אז די פועלי־ציון וועלען נישט צונעלאזען ווערען צו דער ארגאניזאציע פֿון דעם אונטערנאציאנאלען פראלעטאריאט, ווייל זיי נעהמען א טהייל אין דער אלגעמיין־ציוניסטישער ארגאניזאציע, — דאס זיינען נישט מעהר ווי בבא־מעשיות פֿאר קליינע, אבער טאקי נאר קליינטשקע קינדערלאך. פֿאר דער אינטערנאציאנאלער סאציאלדעמאקראטיע זיינען די הויפט־מאמענטען פֿאלגענדע: די קראפֿט די גרויסע פֿון דער ארגאניזאציע און די אנערקענונג פֿון די פרינציפען זיינען אלגעמיין פֿאר אלע סאציאליסטען און נישט מעהר. פונקט ווי אלע פראלעטארישע פארטייען, נעמען די פועלי ציון טהייל אין דעם נאציאנאלען פארלאמענט און אין די שטאאטליכע אינסטיטוטען פֿון זייער נאציע פֿון איין זייט, און אין דער אינטערנאציאנאלע ארגאניזאציע פֿונ'ם פראלעטאריאט פֿון דער אנדער זייט, און דאס איז פֿאלשטענדיג מסכים מיט אונזער בעשטימונג פֿונ'ם ציוניזמוס, ווי פֿון א פֿאלקס־בעוועגונג, וואס האט איהר ציעל צו שאפֿען א יודישע מדינה.

מיר האבען דא נאר אנגעצייכענט די אלגעמיינע צוגען פֿון דער פועלי־ציוניסטישער ארגאניזאציע. מיר האבען אבער איצט לחלוטין

---

לעטאריאט איז דער ציוניזמוס נור א ענדמיטעל כדי צו פֿערווירקליכען דעם סאציאליזמוס, און פֿאר די יודישע בורזשואזיע דאגעגען איז דער ציוניזמוס א ענדציעל.

נישט בדעה צו נעבען דא א נענויעם פלאן פון איהר; די פ־טים היינגען אב פון צייטינע און ארטינע פערהעלטניסטען, פון פאראיבער־נעהענדע פאסירונגען, אמאל אפילו פון פערזאנען. די אויסארבייטונג פון א נענויעם פלאן איז א זאך, וואס געהערט א לעבעדינער אין אנ'אקטיבער ארגאניזאציע.

אין וואס־זשע באשטעהט די ארבייט פון דער דאזיגער ארגאני־זאציע, מיט וועלכער זי זאל זיך שפעציעל מתעסק זיין, דאס הייסט אין וואס באשטעהט איהר ארבייטס־פראגראם אין דער נעגענוואר־ט?

די דאזינע ארבייט מוז על פי דרך הטבע ארומנעהמען דריי סביבות: די פאליטישע, עקאנאמישע און נאציאנאלע.

אין דער פאליטישער ספערע מוז דער פועלי־ציוניזמוס שט־עבען צו דערגרייכען פאר יודען די גלייך־בארעכטיגונג אין דער פול־בארעכטינונג. נאר ווען אט די פאדערונג, אין וועלכער אלע יודען זיינען פאראינטערסירט, וועט באפרידינט ווערען, נאר דעמאלט קאן מען האפען אויף א מעהר נא־מאלנער ענטוויקלונג פון אינזער־ע פאלקס־כחות, און נאר דעמאלט וועט אונזער פ־אלעטאר־יאט קאנען באקומען א פאליטישע ערציהונג און ענטוויקלען א פאלשטענדיגע זעלבסט־טהעטיגקייט. ביי דער דערגרייכונג פון דער דאזיגער פאדערונג מוז דער פועלי־ציוניזמוס פון איין זייט פאראייניגען די דעמאקראטישע כחות אינ'ם יודישען פאלק, פון דער אנדער זייט געהען האנד אין האנד מיט אלע דעמאקראטישע כחות פינ'ם לאנד שוין פשוט דער־פאר, וויל נאר מיט פאר־אייניגטע כחות קאן מען זיך דער־שלאגען צו א ענדערונג פון אלע נעזעלשאפטליכע נארמען. דער־ביי דאר־ף מען פאר־שטעהען, אז נישט די יודען שפיעלען די רעכטע ראלע אינ'ם גאנצען לאנד, נישט זיי באהערשען די וויכטיגסטע צווייגען פון דעם עקאנאמי־שען לעבען, זיי קאנען און זיי מוזען אויף זיך נעהמען די איניציאטיווע אין דעם קאמף פאר דער גלייך־בארעכטיגונג, אבער אין דעם פאר פול־בערכטיגונג מוזען זיי איבערלאזען די איניציאטיווע די גרונד־עלעמענטען פון דער באפעלקערונג. דאס הייסט יענע, וואס בא־זיצען א רעאלע מאכט. יעדע שט־עבונג פון יודישער זייט אריבערצו־יאגען די אלגעמיינע באוועגונג, זיין דער אבאנגאר־ד פון איהר איז פשוט שעדליך נישט נאר פאר דער יודישער באפעלקערונג, נאר אויך פאר דער אלגעמיינער באפעלקערונג. און דאס קאן מען פשוט דער־מיט ערקלערען,

וואָס יודען בילדען אַ מינדערהייט און נאָך אַנ׳אויסער־טעריטאָריאַלע מינדערהייט.

אין דער עקאָנאָמישער ספֿערע, וואָס אין איהר טרעטען באזונדער שאַרף אַרויס די קלאסען־סתירות, דאָרט בילדעט דער יודישער פּראָ־לעטאַריאַט אַ זעלבסטשטענדיגע אָרגאַניזאַציע וואָס אַרבייט צוזאַמען מיט דעם פּראָלעטאַריאַט פֿון אַנדערע נאַציעס. אָבער אָפּהיטענדיג זיין נאַ־ציאָנאַלע אויטאָנאָמיע, פּרינציפּיעל דאַכט זיך אז די לעצטע פֿאָדערונג איז גאָר אַנ׳איבעריגע; פּרינציפּיעל דאַרפֿען פּראָפֿעסיאָנעלע אַרביי־טער־אָרגאַניזאַציעס זיין אומאָבהענגיג פֿון רעליגיע און נאַציאָן. אָבער דאָס לעבען פֿון אַנדערע פֿעלקער באווייזט אונז דעם היפך: די טשע־כישע סאָציאַל־דעמאָקראַטען פֿאָדערען אַ פֿאָלשטענדיגע אויטאָנאָמיע אויך פֿאַר די פּראָפֿעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס. בשעת מען רעדט אָבער וועגען דעם יודישען פּראָלעטאַריאַט, איז דער דאָזיגער פּרינציפּ פֿון אויטאָנומיע נאָך מעהר אָנגעפּאַסט, וואָרום די עקאָנאָמישע לאַגע פֿון דער יודישער פּראָלעטאַרישער מאַסע האָט זיך איהרע געוויסע באזונ־דערהייטען: זי באשטעהט לרוב פֿון הויז־אַרבייטער, פֿון בעלי־מלאכות און פֿון האַנדעלס־אַנגעשטעלטע (פּריקאַשציקעס). על כל פּנים הענגט אָב די פֿאָרם, וואָס עס וועט אָנעהמען די אָרגאַניזאַציע פֿון יודישע אַרבייטער אויף צו פֿאַרטיידיגען זייערע עקאָנאָמישע אינטערעסען אין גאַנצען פֿון דער טאַקטיק, וואָס בייט זיך שטענדיג, און פֿון אָרטיגע באדינגונגען. איינס איז קלאָר: די דאזיגע ארגאַניזאציע האט אין זינען נאר קלאַסען־אינטערעסען, און ווי באַלד אַזוי האט זי לחלוטין מיט דער ציוניסטישער ארגאַניזאַציע קיין שום מגע ומשא נישט. וואס מעהר די פּראפֿעסיאנעלע ארגאַניזאַציע וועט שטאַרקער ווערען, אַלץ נאר־מאַלערע פֿארמען וועט אננעהמען דער קאַמפּף צווישען אַרבייט אין קאפּיטאַל. דער שטרייק וועט אויפֿהערען צו זיין אַ פּרינציפּ, ער וועט ווערען אַ קאַמפּף־מיטעל אויף צו דערגרייכען רעאַלע פֿאַרבעסערונגען און ער וועט זיך מוזען שטענדיג רעכענען מיט דער ווירקליכקייט.

ענדליך איז, די אַרבייט אין דער ספֿערע פֿונ׳ם נאציאנאל־יודישען לעבען אין גלות — דער פֿארפֿלאנטעסטער פּינקט ביי אונזער פֿאלק אין רוסלאַנד, ווי אין גאליציען.

נאציאנאל־יודישע אויטאנאמיע, נאציאנאל־יודישער סיים, נאציא־נאל־יודישע קוריע — דאס זיינען די דריי לאזונגען, וואס אַרום זיי דרעהט זיך דער גאנצער שטרייט צווישען פֿארשיעדענע יודישע פּאר־

טיען, דערביי לאזען מיר אן א זייט די אסימילאטא־ישע פארטייען, פאר וועלכע עס עקסיסטירט בכלל נישט קיין פראגע וועגען נאציאנאל־יודישע אויפגאבען, און אויך די קליינע גרופע פון ציוניסטען, וואס זיינען קעגען דעם קאמפף אין גלות פאר אויטאנאמיע, ווייל זיי האבען מורא, אז דאס זאל אונז אוועקנעהמען פון דער ציוניסטישער ארבייט. אט די לעצטע זיינען נישט פעהיג צו לעבען און מוזען אלץ מעהר און מעהר פארשווינדען פון דער וועלט. מיט זיי א ויכוח צו פיהרען וואלט אונז צו ווייט פארפיהרט און ס'האט גאר נישט פאר אינז קיין שום אינטערעס, ווארום ביי די פועלי־ציון איז נעווים נישטא קיין שום ספק אין דעם, אז מיר מוזען קעמפפען פאר אונזערע נאציאנאלע רעכט שוין דא אויפ'ן ארט, אין גלות.

די נאַציאָנאַל־קולטורנע אווטאָנאָמיע, ווי דער „בונד" האָט זי פאָרמולירט, איז וועניגער פון אַלץ רעאַל, ווען מען זאָל זי נעהמען באַטראַכטען ווי עפעס גאַנצעס, זעלבשטענדיגעס. זי איז טעאָרעטיש נישט רעאַל: פון דעם היסטאָריש־מאַטעריאַליסטישען שטאַנדפונקט באַשטימען די פאָרמען פון דער פראָדוקציאָן און פון דעם בייט אַלע אידעאָלאָגישע אויפבויערדען; דער „בונד" אַנערקענענדיג, אַז די יודען מוזען זיך עקאָנאָמיש אַסימילירען, מוז דאָך שוין ממילא מודה זיין, ווען ער וויל נאָר בלייבען טריי די געזעצען פון דער לאָגיק, אַז די יודישע נאַציאָנאַל־קולטורנע אווטאָנאָמיע האָט אונטער זיך נישט קיין שום מאַטעריעלען באָדען.

זי איז פאָליטיש נישט רעאַלנע: די יודען אַליין קאָנען די דאָזיגע אווטאָנאָמיע נישט דערגרייכען; די אַנדערע פעלקער פון רוסלאַנד און פון עסטרייך פאָדערען אַ טעריטאָריאַלנע אָדער, לכל הפחות, אַ פאָליטישע אווטאָנאָמיע; למשל, פוילען, די עסטען, לאטישען, אוקראינע, די קאווקאזישע פעלקער — אין רוסלאַנד, די טשעכען, רוטענען, איטאַליאנצעס — אין עסטרייך. די יודען קאָנען האָפען מיט דער צייט אויסצופיהרען זייערע פאָדערונגען נאָר דורך אַ פאַראייניגונג מיט אַנדערע קליינע פעלקער; אָבער דעמאָלט וועלען זיי מוזען ברייגנען זייערע פאָדערונגען אין אַ האַרמאָניע מיט די פאָדערונגען פון אַנדערע פאַרקנעכטעטע פעלקער: דאָס הייסט די יודען וועלען מוזען אַרויסשטעלען פאָדערונגען נישט נאָר פון קולטורנע נאָר אויך פון פאָליטישער אווטאָנאָמיע.

זי איז נישט רעאַלנע נאָך איהר אינהאַלט: וועלכע פאָליטישע אינסטיטוטען וועלען גאַראַנטירען דעם רעאַלנעם כאַראַקטער פון דער

קולטורנער אויטאָנאָמיע? אפשר אַ וואסערעס איז פּאַראגראף פון דער אַלגעמיין־שטאַטליכע קאָנסטיטוציע? אָבער די געשיכטע פון דער עסטרייכישער קאנסטיטוציע באווייזט אונז, אַז אַזא מין פאראגראף קאן בשום אופן נישט דיענען פאַר אַן אמתע גאראַנטיע.

נאָר אַן אַנדער ממשות האָבען אונזערע פאָדערונגען פון אַ נאַציאָנאַל־פּאָליטישער אויטאָנאָמיע. אנער־עקענענדיג, אַז די יודען אַסימילירען זיך נישט עקאָנאָמיש, מיזען מיר שוין לאָגיש אנערקענען, אַז עס עקסיסטירט אַ נאַציאָנאַלע זעלבסטשטענדיגע קולטור און אלס אַ רעזולטאַט פון דער דאָזיגער מיינונג, שטעלען מיר ארויס פאָדערונגען פון אַ נאציאָנאלע אויטאָנאָמיע, און דערביי, ווען מיר בלייבען טריי אונזערע פּרינציפּען, מוזען מיר שטרעבען צו באשאַפען אַ רעאלנעם באָדען פאַר דער דאָזיגער נאציאָנאלער אויטאָנאָמיע. אלס אַ באדען קאן דיענען אַ געוויסע צייט די נאציאָנאלע וואהל קוריע און דער נאציאנאלער סיים.

דער ווערט פון אַ נאַציאָנאַלער קוריע באשטעהט ערשטענס אין דעם אז אין׳ם אלגעמיין־שטאאטליכען (צענטראַלען) פּאַרלאַמענט זאָלען טהייל נעהמען די ווירקליכע פאַרטיידיגער פון נאציאָנאלע רעכט. די דעפּוטאַטען וואָס ווערען אויסגעקליעבען דורך דער יודישער נאַציע, צווייטענס איז זי אַ מיטעל פאַר פּאָליטישע ערציהונג צו נאַציאָנאַלער פּאראייניגונג. די נאציאָנאלע וואהל־קוריע איז איינע פון די בעסטע מיטלען קעגען דער קינסטליכער אַסימילאציע [1]).

די נאציאָנאלע וואהלקוריע איז דאָס בעסטע מיטעל, כדי צו פארניכטען דעם קאַמפף צווישען די נאציאנאליטעטען. אין מקומות מיט פאַרשיעדענע נאציעס זיינען די יודען צווישען צוויי פייער. די דייטשען ווילען אז די יודען זאָלען שטימען מיט זיי און די טשעכען שלעפּען זי ווידער צו זיך. אזוי איז אין גאליציען וואו די רוטהענען זיינען פאַר־מישט מיט די פּאָלאַקען. אזוי ווערט אויך זיין אין רוס־לאנד צ. ב. אין פוילען, אין ליטא, אין דען אָסט־זעע־גובערניעס און אויך אים קאַווקאַז און ז. וו. נור ווען די יודען וועלען האבען אַ איינענע וואהלקוריע וועט קיין שום אנדערע נאציע ניט פאַרלאנגען פון די יודען אז זיי זאלען

[1]) ס׳פערשטעהט זיך, אַז מען דאַרף קיין טעות נישט האָבען און נישט צונויפמישען די נאַציאָנאַלע וואַהל־קוריע מיט יודישע וואַהל־בעצירקען, וואָס מען האָט „פון אויבען" געשענקט פארשיעדענע "גרויס־יודען".

שפיעלען די ראָלע פון אַ פּאָליטישען משרת. נאר דעמאלט, נאָך דער דערגרייכונג פון דער נאַציאָנאלער וואהל־קוריע, קאן פּארווירקליכט ווערען די אידעע פון אַ נאציאָנאלען סיים, וואָס האָט נישט נאָר צו פיהרען דעם אינסטיטוט פון חדרים און שוהלען, נאר וואס אין זיין רשות זאָל שטעהען דאָס גאנצע אינווענדיגע לעבען פון אונזער פּאָלק.

אנדערע זאגען אונז, אז דער קאמפף פאר אַ ברייטער נאציאָ־נאלער אבטאנאמיע, וועט אינז נישט ברענגען קיין שום פּאקטישע רעזולטאַטען, אָט די דאָזיגע סקעפּטיקער קאָנען מיר ענטפערן: „דאס ציעל איזט ניכטס, די בעוועגונג איזט אלעס". דער דאזיגער קאמפף וועט מוזען פיהרען צו א פּאָלשטענדיגע רעארגאניזאציע פון אונזער לעבען אויף דעמאָקראטישע פּרינציפּען, ער וועט ארויסרופען צו נאַצי־אָנאלער ארבייט אלע לעבעדיגע כחות פון אונזער פּאָלק, ער וועט אריינבלאזען אין אונזער געזעלשאַפטליכען לעבען אַ נייעס גייסט, אַ נייעם אינהאלט, ער וועט רעפּאָרמירען אונזער גאנצע ערציהונג, ער וועט פארשטארקען אונזער פאלקס־כחות — די מאַטעריעלע ווי די מאָראַלישע — וואס זיינען נויטיג פאר די פּאָלשטענדיגע בעפרייאונג פון אונזער פּאָלק פון'ם גלות דעמאלט וועט ערשט דער ציוניזמוס ווערען אַ ווירקליכע געזעלשאַפטליכע בעוועגונג. ווען מיר וועלען אפילו דאָ נישט דערגרייכען קיין גאנצע נאציאנאלע אבטאָנאָמיע, אבער, שטרעבענדיג צו איהר, מאָביליזירען מיר דערוויילע אלע כחות פון אונזער פּאלק.

פארהאן אָבער נאָך אַ טענה ביי די וואס טרעטען ארויס שפעציעל קעגען דער פּאָדערונג פון אַ נאציאנאלער וואַהל־קוריע, זיי האבען מורא אז אויב די דאזיגע פאדערונג וועט ארויסגעהען מן הכח אל הפועל, וועט דורך דעם פּארדונקעלט ווערען דאס קלאסען־בעוואוסטזיין און דער קלאסען־קאמפף וועט שווערער ווערען. מיר ברענגען דא בערנאר לאזאר'ס מיינונג וועגען דער פראגע. אין זיין ידועה'דיגער רעדע וואס ער האט געהאלטען דעם 6־טען מערץ 1897־טען יאהר זאגט ער אזוי: ווען איהר אונטערשטיצט די ענטוויקלונג פון'ם נאציאנאליזמוס, זאגען אונז אנדערע סאציאליסטען, ברענגט איהר צו אַ פעראייניגונג פון קלאסען אויף אזא אופן, אז די ארבייטער וועלען פארגעסען דעם עקאָנאָמישען קאמפף דורך דעם וואָס זיי האבען עסקים מיט זייערע פיינד. דאָס איז נישט ריכטיג. די דאזיגע פעראייניגונג איז נישט מעהר ווי אויף אַ צייט, און בעזונדער אינטערעסאנט איז, וואס על פי רוב

לענען נישט די באזיצענדע קלאסען ארויף אויף די אָרימע און ארבײטער די הכרחיות צו נעהען מיט זײ, נאר פֿארקעהרט אָט די לעצטע צווינגען די רײכע צו נעהען מיט זײ. אנב צי איז דען נישט נויטיג פֿאר דער אומגליקליכער מאסע פֿון די יודישע פּראלעטאריער פֿריער אײדער זי וועט פּטור ווערען פֿון איהרע פּראָלעטארישע צרות, קריגען די פֿרײהײט, דאָס הײסט באקומען די מעגליכקײט צו קעמפֿען און צו זיגען? אין אײן טאג קאן די דאָזיגע אויפֿגאבע ארויסטרעטען אין איהר גאנצער קראפֿט ווען, למשל, עס וועט פֿארמאכט ווערען פֿאר די יודען, וואס פֿארלאָזען רוסלאנד, דער ארײננאנג אין עטליכע לענדער"[1], נו, אָט דער טאג קומט אן. אין דער אמתען אבער איז די נאציאנאל־יודישע וואהל־קוריע, ווען מען שטעהט אויפֿ'ן שטאנדפּונקט פֿון ענטוויקלען דאס קלאסען־בעוואוסטזײן בײם יודישען פּראָלעטאריאט, נישט נאר אַ מעלה, נאר פּשוט אַ הכרחיות. דוקא אצינד געשיעט דער היפך: זעהר אָפֿט גיבט אפּ דער יודישער וועהלער זײנע שטימע אויף אַ נישט־יודישען קאנדידאט אין דוקא אויף א סאָציאל־דעמאקראַט נישט אויס גרינדע, וועלכע העגגען אב פֿונ'ם קלאסענקאמפּף, נור ווײל דער באטרעפֿענדער קאנדידאט איז א געגנער פֿון דעם אנטיסימיטיזמוס. אזוי מאכט די יודישע בורזשואזיע אין פֿראַנקרײך, וואס אינטערשטיצט די פֿראנצעזישע סאציאַליסטען, אזוי מאכען אויך די חסידים און קראקוי, וועלכע געבען אָב זײערע שטימען דעם סאצ. דעמ. דאשינסקי, אַ דאנק דיזער אורזאכע זענען די קלאסען געגענזעצע אינערהאלב פֿונ'ם יודענטום פֿערווישט. ווען די יודען וועלען האבען א אײגענע וואהלקוריע ערשט דעמאלט וועלען זיך ענטוויקלען די קלאסען־סתירות צווישען דעם יודישען פּראלעטאַריאט און דער יודישער בורזשואזיע, און דערבײ וועט פֿון דעסטוועגען די נאציאנאלע גאנצהײט נישט אנגעריהרט ווערען. דעמאלט וועלען מיר, לכל הפחות. פּאליטיש אנהויבען צו פֿיהרען אַ ווירקליך־נארמאלען נאציאָנאלען לעבען. מערקווירדיג איז. וואס אין דעם קאמפּף קענען אַ יודישער וואהל־קוריע. וואס זי איז דאך אַ פּשוט'ער רעזולטאט פֿונ'ם דעמאָקראטישען פּראפּארציאנאלנעם וואהל־רעכט, פֿעראײניגען זיך די בונדיסטען און א טהײל פֿון יודישע סאציאל דעמאקראטען פֿון אײן זײט און די אסימילירטע יודישע בורזשואזיע פֿון דער אנדער זײט. ס'איז משונה'דיג, אבער גאנץ נאטירליך!

[1]) בערנאַר לאַזאַר: Le nationalism juif. Paris. 1898

כדי דאס יודישע פראלעטאריאט זאל נישט ווערען אונטערדריקט פֿון דער אונבעוואוסטע מאסע אדער פֿון די בורזשואזיע, מוזען מיר נאך אַ דריטע פֿאָדערונג אויפֿשטעלען: די פּראָפּאָרציאָנאַל־וואהל אין דער יודישער קוריע גופא, כדי יעדע פּארטיי, יעדע סאָציאַל פּאָליטישע ריכטונג זאל באקומען אזוי פֿיעל שלוחים, (דעפּוטירטע) וועלכע איז פּראָפּאָרציאָנעל צו די צאהל פֿון די וועהלער. די דריי פֿאָדערונגען נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע, יודישע וואהלקוריע און פּראפּארציאנאל־וואהל אין דער קוריע זענען דאס פּראגראם פֿון אונזער נאַציאָנאַל־פּאָליטישע טהעטיגקייט.

דאָס איז אין אַלגעמיינע שטריכען דאָס געגענוואַרטס־פּראגראם פֿון דעם פּועלי־ציוניזמוס, וואס נאך אונזער מיינונג, איז דאס דער בעסטער קשר צווישען דער געגענוואַרט און דער צוקונפֿט. צווישען דעם פּראגראם מינימום און דעם פּראגראם־מאקסימום, ס'פֿאַרשטעהט זיך, איין תנאי מוז מען אויסנעהמען: ווען מיר וועלען פֿון אונזער איצטיגער אַרבייט נישט מאכען קיין זעלבסטשטענדיגען זאַך, ווען מיר וועלען דעם ציוניזמוס נישט פֿאַררוקען ערגיץ אין אַ ווינקעלע, אין אַן אַרכיוו פֿון הייליגע שמות, אונזער געגענוואַרטס־אַרבייט מוז זיך ענטוויקלען פּאַראַלעל מיט אונזער ציוניסטישער אַרבייט. מיר מוזען זיך צוהערען צו דער שטימע פֿונ'ם לעבען, וואָס טרייבט אונז מיט אַ שטענדיגער אונאויפֿהערליכער קראַפֿט צום ציוניזמוס. ווען מיר וועלען זיך סטאַרען אנצואווענדען אלע כחות, וואָס וועלען געשאַפֿען ווערען דורך אונזער געגענוואַרטס־אַרבייט אויף צו פֿאַרווירקליכען דעם ציוניזמוס, דעמאלט וועלען מיר דעם מאַטענט נעהנטער צו זיך מאַכען, ווען אונזער אידעאַל, וואָס פֿון איהם ערוואַרטען מיר אַ פֿאַרשטענדיגע לעזונג פֿון דער יודע פֿראגע, וועט ארויסנעהען מן הכה אל הפועל. דער אביעקטיווער גאנג פֿונ'ם לעבען — די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג פֿון דעם יודישען פֿאלק און די עמיגראַציע פֿיהרט צום ציוניזמוס, אבער מיר מוזען אַריינטראגען נאר דאס בעוואוסטזיין אין די מאסען, און דערצו איז נויטיג אָהן אנ'אויפֿהער נישט נאר צו רעדען וועגען אונזער לעצטען מיטעל, נאר טאקי אַרבייטען פֿאַר איהם. מאכען פֿון דער אַרבייט פֿאַר דער נאציאנאלער אבטאנאמיע אדער פֿאַר'ן נאציאנאלען סיים אַ זעלבסטשטענדינען ציעל הייסט געהען נאך דעם בונד'ס טריט און דאס הייסט זיצען בלייבען צווישען צוויי שטוהלען. אינזער וועג איז אַ ווייטער. דערפֿאַר טארען מיר זיך נישט אפּשטעלען אויף דעם איצטיגען מאמענט.

נישט אמת איז, אז אונזער צוקינפט איז נישט פארבינדען מיט אינזער געגענוואַרט: דער ציוניזמוס איז דער היוצא מזה פון אונזער טויזענד־יאהריגער געשיכטע, אבער מיר מוזען געהען נאך דער ליניע, וואס די דאזיגע געשיכטע האט אנגעצייכענט און נישט סטארען זיך צו אַרבייטען אין דער פארקעהרטער ריכטינג און וועו צווישען אונזער פראגראם־מינימום און דעם פראגראם־מאקסימום ליעגט נישט קיין גלייכע ליניע, ווי דאס איז ביי אנדערע פעלקער, דאַרף מען דערביי נישט פארגעסען, אז אונזער גאנצע געשיכטע האט זיך ענטוויקעלט נישט נאך א גלייכער ליניע, נאר נאך אַ ליניע, וואס בילדעט אַ קרייז. דער ערשטער און דער לעצטער פונקט אויף דעם דאזיגען קרייז איז פאַלעסטינע.

---

## XI.

**טעריטאריום אדער פאלעסטינע. די טענות פון די טעריטאריאַליסטען. פאלעסטינע איז דאס פאסענדסטע לאנד. די ליעבע צו פאלעסטינע איז א סאציאל־פאליטישער פאקטאר אין׳ם לעבען פון דעם יודישען פאלק. די מעלות פון פאלעסטינע. א פראגע, וואס קאן נישט אפגעלעגט ווערען.**

פריער פלעגט מען ביי אונז שטרייטען נאר וועגען די אדער יענע פארמען פון דער אַרבייט אין גלות. איצט האָבען די ויכוחים אָנגעריהרט אַ גרונד־טעזיס פון אינזער פראגראם: פאלעסטינע אדער איבערהויפט אַ טעריטאריע?

מכח דעם דאָזיגען שטרייט איז שוין אזוי פיעל געשריבען געוואָרען אין דער ציוניסטישער ליטעראַטור, און בפרט נאָך אין דער רוסישער, אַז אין דער דאָזיגער פראגע איז שוין איצט לחלוטין אונמעגליך עפעס נייעס אויפצוטהון.

קדם כל וועלען מיר רעזומירען די שטרעמונגען, וואָס עקסיסטירען אין דעם לאַגער פונ׳ם פראַלעטאַרישען ציוניזמוס.

פרינציפיעלע טעריטאריאַליסטען, וואס וואָלטען זיין אונבויגזאמע געגנער פון פאלעסטינע, איז זעהר ווענינ, דאָס הייסט ווען אונז וואָלט זיך איינגעגעבען מארגען פאלעסטינע צו באקומען, וואָלט פון דעם טעריטאריאליזמוס קיין זכר נישט געבליעבען. די גרעסטע מעהרהייט פון אונזערע טעריטאריאַליסטען, זיינען, נאָך זייער גאַנצען מהות, אָפּאָרטו־

ניסטען: זיי זיינען פֿאַר אַ טעריטאָריע, ווייל פּאַלעסטינע גיט מען דערוואוילע נישט. פֿון דער אַנדער זייט איז דער רוב מארקסיסטישע פועלי־ציון שעמעדינגע פאלעסטינצעס: אינ׳ם פּרינציפּ זיינען זיי הייסט דאָס, פֿאַר אַ טעריטאָריע, נאָר בכן אזוי ווי פּאַלעסטינע איז די בעסטע טעריטאָריע, זיינען זיי לאַנישע פּאַלעסטינצעס. אי די אי־יענע מיינונג האָבען נעבּיך ביידע דעם זעלבען חולאת: עס פֿעהלט זיי אַ וויסענשאַפֿטליכער יסוד אין אַ לאָגישע קאָנסעקווענץ:

מכח די טעריטאָריאליסטען מוזען מיר פֿאָלגענדעס באַמערקען:

אַ פֿאָלקס־באַוועגונג קאָן זיין אפּאָרטוניסטיש גופא אין דער באַוועגונג, זי איז אָבער שטענדיג אונבויגזאם אין איהר ציעל. די סאָציאַליסטען קאָנען איצט מסכים זיין אויף אַ 9־שטונדינען אַרבּייטס־טאָג אויב מען קאָן מיט אַ מאָל נישט באַקומען דעם 8־שטונדינען. אין זייער ציעל אָבער — אין דער איינפֿיהרונג פֿון קאָלעקטיוויזמוס אנשטאט פּריוואַט־אייגענטום — קאָנען זיי אפילו אויף אַ האָר נישט נאָכלאָזען. מיר קאָנען איצט שטרייטען וועגען דעם, צי מען זאָל תיכף אָנהויבען צו קאָלאָניזירען פאלעסטינע, אָדער ערשט דעמאָלט ווען מיר וועלען באַקומען קאָנצעסיעס, אָבער עס קאָן נישט זיין קיין שטרייט גופא וועגען דעם ציעל פֿון אונזער באַוועגונג, ווען מיר ווילען נאָר בלייבען אויף אַ רעאַלען באָדען. מיר האָבען נאָך פּאַלעסטינע נישט באַקומען! צי דען איז דערפֿון נעדרונגען, אַז מיר וועלען זי איבערהויפּט נישט באקומען? דאָס וואָלט הייסען נלויבען אין דער אויבינקייט פֿון דעם איצטינען רעזשים אין דער טירקיי אָפּלייקענען דאָס נעזעץ פֿון דער עוואָלוציע, און נאָך באַזונדער׳ם משונהדיג איז צו הערען אַזעלכע טענות פֿון די מיילער פֿון סאָציאַליסטען־ציוניסטען, וואָס לייקענען אָפּ די שטענדיגע רוהע אין אַלע איהרע פֿאָ־מען.

אָבער פּאַלעסטינע, דערצעהלען אונז די טעריטאָריאַליסטען, טויג נישט פֿאַר קיין טעריטאָריע. פֿאַר וואָס? ערשטענס, הייסט דאָס, ווייל אויף פּאַלעסטינע זיינען פֿאַראַן אַ סך בעלנים צווישען די מלוכות, וואָס זיי שטרעבען צו ארייננאַפּען זי אין זייער׳ע הענד; צווייטענס זיינען אין פּאַלעסטינע פֿאַראַן אראבער, און דריטענס וועט אין דער אַלטער מאמע ציון מיט איהרע אַלטע מנהגים שווער זיין איינצופֿיהרען אַ נייע קולטור.

עס איז מערקווירדיג אַז אָט די אַלע טענות זיינען אויסגעוואַקסען ערשט נאָך דעם, ווי די אוגאַנדא־פֿראַגע איז נעבוירען געוואָרען, און

נישט פֿריער. נאָר, מהכא תיתי, דאָס איז נישט וויכטיג. אָבער צי האָבען אָט די אַלע טענות אַ ממשות, צי האָבען זיי אַנ׳אָביעקטיווע באַדייטונג? סיידען די מלוכות זיינען בעלנים נאָר אויף פּאַלעסטינע? צי וועט איהר געפינען איין טעריטאָריע אין דער וועלט וואָס זאָל בילדען אַ גוטען מאַרק אויף אַ־אָפּציבערענגען סחורות און וואָס זאָל דערביי נישט אַרויס־רופען קיין אַפּעטיט ביי די אינדוסטריעלע פֿעלקער? און ווען אפילו אינזער טעריטאָריע, אַ גאַנץ זעלבסטשטענדיגע, וועט זיין אונטער דעם שוץ פֿון איין מלוכה. צי איז זי דערמאָלט נאַ־אַנטירט אַנטקעגען דעם אַפּעטיט פֿון אָט דער לעצטער? מיט וואָס זיינען מיר גאַראַנטירט אַנטקעגען דער אויסערער באַפֿעלקערונג? אדרבה, פּאַלעסטינע האָט אין אָט דער בעציהונג רעאַלנע מעלות. וואָרום טערקיי אַליין איז גאָר נישט אינדוסטריעל, און די אַנדערע מלוכות גלויבען אַזוי ווייניג אין דער צווייטער, אַז קיינע פֿון זיי קאָן נישט פֿאַרחאַפּען פּאַלעסטינע. מען ווייזט אונז אָן אויף די קאָנצעסיעס, וואָס דייטשלאַנד, למשל, האָט באַקומען. אָבער די דאָזיגע קאָנצעסיע האָט דאָך אַ ריינעם פֿינאַנסען־כאַראַקטער, און נישט קיין קאָלאָניזאַציאָנעם: די דייטשען האָבען באַקומען דאָס רעכט בויען אַנ׳אייזען־באַהן. אָבער נישט קאָלאָניזירען. אגב מוזען מיר באַמערקען, אַז די אינדוסטריעלע מלוכות האָבען בכלל גאָר קיין מענשען נישט אפילו אויף צו באַזעצען זייערע אייגענע קאָ־לאָניעס: די עמיגראַציע פֿון ענגלאַנד, פֿראַנקרייך און דייטשלאַנד איז אַ מיעוט שבמיעוט; מיר רעדען שוין נישט וועגען דעם, וואָס פֿון די אייראָפּעישע פֿעלקער זיינען נאָר די יודען מסוגל צו אַקקלימאַטיזירען זיך גוט אין פּאַלעסטינע. און ווען אפילו אַלע קאָנצעסיעס אויף פּאַ־לעסטינע וואָלטען שוין געווען אין די הענד פֿון אייראָפּעישע קאַפּיטאַ־ליסטען, וואָלט זיי אויך דערמאָלט דאָס לאַנד נאָך נישט געהערט, וואָרום דער כאַראַקטער און די קולטור פֿון אַ לאַנד הענגט אָפּ פֿון דער אַרבייט און נישט פֿון דעם קאַפּיטאַל, פֿון די אַרבייטער און נישט פֿון דער גרויס־בורזשואזיע, וואָס אויף אַזאַ איפן בלייבט זי אַ אַנאָנימנע וואָרום זי וואוינט נאָר נישט אין׳ם לאַנד. אָט די גאַנצע מורא, אַז אַלע קאָנצעסיעס אין פּאַלעסטינע וועלען ניך זיין אין די הענד פֿון דייטשען, פֿראַנצויזען א. ז. וו. קאָנען נאָר קליינע קינדער איבער־שרעקען, וואָרום קאָלאָניזירען דאָס לאַנד מוז פֿאָרט דערביי אַ וואָסער ס׳איז אַנדער פֿאָלק און אַנטקעגען אַ גראָבען פֿאַרחאַפּען די ערד גאַראַנטירט אונז נעניג אַליין די טערקיי. וועלכע איז פּשוט פֿאַראינטער־

רעסירט, אַז איהר אימפעריע זאָל בלייבען גאַנץ, און אַנטקעגען פֿאַר־
חאַפּען דורך קאַפּיטאַליסטישע קאָנצעסיעס זיינען מיר אין ערגיץ נישט
גאַראַנטירט: דאָס וועט אָפּהענגען פֿון דעם, ווער ס'וועט האָבען א
גרעסערען און אַ וואָלוועלערען קאַפּיטאַל. נאָך מעהר, נישט האָבענדיג
קיין איינענע קאַפּיטאַלען, וועלען די יודען מוזען אליין געבען קאָנצעסיעס,
ווי דאָס טהוען אַלע יונגע, נישט־רייכע און נישט אינדוסטריעלע פֿעלקער
(רוסלאַנד, די באַלקאַנישע שטאַאַטען, דרום־אַמעריקאַנישע רעפּובליקען
א. ז. וו.).

די צווייטע טענה: די אראבער. אָבער מיט וואָס שאַדען זיי אונז?
אדרבה: אין דער עקסיסטירונג פֿון אַ האַלב מיליאָן פּויערים אין אַ לאַנד, וואו
ביי מיטעלמעסיגער קולטור קאָן מינימום אויסהאַלטען אַ דריי מיליאָנען
באַפֿעלקערונג, זעהען מיר די בעסטע גאַראַנטיע פֿאַר דער ציוניסטישער
זאַך: די סיבה איז אַ גאַנץ פּשוט'ע: א נייע נאַציאָנאַלע
עקאנאָמיקע — אַ פּראָדוקט פֿון אַ אינטענסיווער
אגראַרנער און אינדוסטריעלער קאָלאָניזאַציע —
קאָן זיך גיכער ענטוויקלען דוקא אין אַ לאַנד וואו
עס איז שוין פֿאַרהאַן אַ געוויסע באַפֿעלקערונג מיט
אַ נאַטוראַלנער ווירטשאַפֿט.

די אינדוסטריע קאָן זיך ענטוויקלען נאָר דאָרט, וואו עס געפֿינט
זיך שוין אַ אינוועגדיגער, האָטש אפילו אַ קליינער מאַרק. אין אַ לאַנד,
וואו עס איז נאָך גאָר קיין שום קולטור נישטאָ, וואָלט אונז אויסגעקומען
צו וואַרטען עטליכע צעהנדליגער יאָהרען, ביז וואַנען מיר וועלען באַ־
שאַפֿען דעם דאָזיגען אינוועגדיגען מאַרק דורך אַגראַר־ קאָלאָני־
זאַציע, דאָס הייסט אַ לאַנגע צייט וואָלטען מיר מוזען יוצא זיין מיט
זעהר אַ קליינע קאָלאָניזאַציע. אַ גרויסע, אינטענסיווע קאָלאָניזאַציע קאָן
זיין נאָר אַ אינדוסטריעלע, אין אָט דער באַציהונג האָט אין זיך פּאַ־
לעסטינע אַלע מעלות: זי האָט שוין אַ געוויסע באַפֿעלקערונג מיט
אַ נאַטוראַלנער ווירטשאַפֿט, וואָס שטעלט פֿאָר אַ געוויסען מאַרק פֿאַ־
פֿאַבריק פּראָדוקטען און איז נישט אינדוסטריאַליזירט. און דערפֿאַר גיט
זי אונז אַלע מעגליכקייטען צו פֿיהרען אי אַ אינדוסטריעלע אי אַן
אגראַרנע קאָלאָניזאַציע. וואָס דאָס איז, למשל, אין צפון־אַמעריקע
אונמעגליך, ווייל דאָרטען מוזען די יודען אריינגעהען אין דער פּאַרטיגער
אדער אין אַ שפּעציעלע אינדוסטריע. קורץ, פּאַלעסטינע, צום אונטער־
שיעד פֿון יעדער אַנדערע טעריטאָריע, וואָס האָט נישט קיין שום קול־

טור, האָט אין זיך אַלע באַדינגונגען, וואָס זיינען נויטיג פֿאַר אַ אינ־טענסיווער יודישער קאָלאָניזאַציע.

ענדליך די דריטע טענה: פּאַלעסטינע איז נישט קיין אָרט פֿאַר אַ נייער קולטור. אַזוי קאָנען טענה'ן נאָר ריינע פֿאַרפֿאַלענע אידעאלאָגען. נייע עקאָנאָמישע באַדינגונגען — נייע קולטורנע שאַפֿונגען. די קולטור ווערט נישט באַשאַפֿען אַליין דורך טראַדיציעס. נאָר אויך דורך די ווירטשאַפֿטליכע באַציהונגען פֿונ'ם פֿאָלק. אגב, ווער עס ווייס די געשיכטע פֿון אונזער פֿאָלק, דער ווייס אויך, אַז אונזער קולטור האָט זיך שטענדיג ענטוויקעלט, ביז וואַנען די יודען זיינען געווען זעלבסטשטענדיג. אונזער קולטור איז פֿאַרגליווערט געוואָרען נישט אין פּאַלעסטינע, נאָר אין גלות.

פֿון די אַלע טעריטאָריאַליסטישע טענות, האָט נאָר איין טענה אַ ממשות: פּאַלעסטינע גיט מען אונז נישט. ווי הערצעל אַליין האָט מודה געווען, מיט וואָס פֿאַר אַ גרויסער אַכטונג מיר זאָלען זיך נישט פֿאַרהאַלטען צו הערצל'ס גיגאַנטישען מה, האָבען מיר איהם דאָך קיין מאָהל נישט געהאַלטען פֿאַר אַ מענשען, וואָס קען קיין טעות נישט האָבען. דער רעכטער פֿעהלער הערצל'ס איז געווען — עס האָט איהם געפֿעהלט אַ רעוואָלוציאָנערער גייסט: ער האָט זיך פֿאָרגעשטעלט דעם בנין פֿונ'ם יודישען שטאַאט, ווי אַ מעכאַנישען בנין. ער האָט געוואָלט מיט אַ מאָהל באַקומען דעם טשאַרטער און ס'איז איהם נישט געלונגען. און דערביי דאַרף מען נישט פֿאַרגעסען, אַז קריגען דעם טשאַרטער איז ער נעגאַנגען מיט די הוילע פֿינף פֿינגער. וואָס הערצל'ן איז נישט געלונגען, איז אַ גרויסער ספק, צי וועט דאָס אַנדערע אויך נישט געלינגען: נאָר אויף'ן וועג פֿון עוואָלוציאָן קאָן אויפֿגעבויט ווערען דער יודישער שטאַאט, און דערצו איז דער טשאַרטער נישט קיין אַבסאָלוט נויטיגע באַדינגונג.

וואָס זשע לערנען אונז פֿאַר די טעריטאָריאַליסטען? אַ לאַנד זוכען? אָבער דאָס איז דאָך אַן עסק נישט פֿאַר קיין פּאַרטיי, נישט פֿאַר קיין גאַנצער באַוועגונג, נאָר פֿאַר עטליכע מענשען. וואָס האָט דער עסק צו טהון מיט אַ בעוועגונג? כדי אַרויסצוטרעטען געגען פּאַלעסטינע האָבען זיי קודם כל געמוזט האָבען אַ קאָנקרעטנע טערי־טאָריע, וואָס זאָל טויגען בעסער פֿאַר אונז ווי פּאַלעסטינע. בויען אַ גאַנצע באַוועגונג אויף איין אויף אַן'אינבאַקאַנטע צאהל, קאָנען נאָר מענשען וואָס די פֿאַנטאַזיע איז ביי זיי אַזוי גרויס, אַז זי פֿאַרבייט זיי דאָס רעאַלע לעבען. און אַזוי ווי פּאַקטיש קאָן מען לאַנג אין קיין עולם

התהו נישט בלייבען, וועט דער טעריטאריאליזמוס ביסלאכוויים אננעהמען טאַקי גאָר רעאַלע פאָרמען — ער וועט זיך בארוהיגען אויף דער גלות־טעריטאריע, אויף אונזער איינענער רעפאָרמירטער „טשערטא״. לאָניש וועלען די סאָציאַליסטען־טעריטאריאליסטען מוזען דערגעהען ביז צו אַ מאמענט, ווען דאָס נעגענוואַרטס־פּראגראם וועט מגולגל ווערען אין אַ זעלבסטשטענדיגען צוועק, וואָס דאָס קאָן מען שוין איצט קאָנסטאַטירען.

אַ לעבעדיגע באוועגונג מוז האָבען אָ רעאַלנעם גאנץ בעשטימ־טען ציעל. פאַר די פּועלי־ציון, אַלס ציוניסטען, איז דער דאָזיגער ציעל פּאַלעסטינע. נור דאָ דאַרף מען זיין קאָנסקוועגט פון אָנהויב ביז צום סוף: פּאלעסטינע איז פאַר אונז נישט נאָר אַ טעריטאריע בכלל, נאָר די טעריטאַריע, די באשטימטע טעריטאריע.

כדי צו רעטען די ריינקייט פון זייער מאַרקסיזמוס, האַלטען אַ סך פּועלי־ציון פאַר נויטיג מאכען צו קליין־געלד איינע פון די וויכטיג־סטע מעלות, וואָס פּאלעסטינע האָט אין זיך, אַ מעלה, וואָס דאָט נישט נאָר אַ גרויסע אידעאלאָגישע, נאָר אויך אַ סאָציאַל־פּאָליטישע באדייטונג. מיר מיינען דאָ דעם טראדיציאָנעם באנד צווישען דעם יודישען פאָלק און פּאַלעסטינע.

אפילו נאָך מארקס און ענגעלס לעהרע קאָן דאך אויך יעדער פּראָדוצירטער אידעאלאָגישער פאקטאר מיט דער צייט ווערען אליין אַ פּראַדוצירענדער, אַ זעלבסט־שאַפענדער פאקטאר. טויזענדער יאָהרע האָבען יודען נעטרוימט וועגען דעם צוריק־קעהר אין פּאלעסטינע; אָט די האָפנונג איז נעוואָרען אַן׳איגט ענראַלער טהייל פון דער יודישער וועלט אנשויאונג; אָט די האָפנונג איז אויך אַריין אין דאָס באוואוסט זיין נישט נאָר פון די אייראפּעישע, נאר אויך פון די אזיאַטיש עפעלקער; אונזער היסטאָרישער קשר מיט פּאַלעסטינע איז נישט נאר אַ טרוים, נאָר ער קאָן ביי געוויסע באדינגונגען אריינגעהען אין דער ספערע פון דער אַלגעמיין אירופּעישער פּאליטיקע. נישט אומזיסט האָט דאך נאפּאָלעאָן פארגעלענט די יודען צו באנייען דעם יודישען שטאאט אין פּאלעסטינע; נישט אומזיסט האָבען דאָך אַ סך אנדערע אויסגעצייכענטע כלל־טהוער פון די איראָפּעישע פעלקער מיט פארננינגען אנערקענט די היסטאָרישע רעכט פון די יודען אויף פּאַלעסטינע. אין דער צייט, וואָס יעדע אנדערע טעריטאריע קאָן נאָר באַפּריעדיגען דעם אַפּעטיט פון הונגערינע, ציהט פּאלעסטינע צו זיך די סימפּאטיעס פון אַלע

יודישע עלעמענטען. ביי וויפיעל טעריטאריאליסטען איז נאָך געבליעבען טיעף איינגעוואורצעלט אין הארצען דער קשר מיט פּאלעסטינע, האָטש זיי סטאַרען זיך מיט הויכע פּ־אזען צו דערשטיקען אין זיך די שטימע פון זייער בלוט, פון זייער יודישער נשמה? צו וואָס זאָלען מיר פאַר־דעקען די אויגען פאַר דער ווירקליכקייט און פאַרדרעהען זיך דעם מח מיט סאָפיזמען, ווי, למשל, אַז מיר זיינען פאַר פאלעסטינע נאָר דער פאַר, ווייל זי איז די בעסטע פון די טע־יטאריעס, און דערביי ווייסען מיר נאָר נישט פון וועלכע טע־יטאַ־יעס?

און דער אמת איז דאָך אזוי פשוט. מיר זיינען פאַר פאַלעסטינע, ערשטענס, ווייל פאַלעסטינע האָט אין זיך זעהר אַסך מעלות ווי אַ טעראטאָריע בכלל און צווייטענס ווייל פאַלעסטינא איז אונזער טע־ריטאָ־יע, וואָס מיר האָבען זי אַ לאַנגע צייט באנעצט מיט אונזער בלוט, דערנאך אין אַ משך פון אסך הונדערטער יאָהרען — מיט אונזערע טרערען, און וואָס אין דער לעצטער צייט האָבען מיר זי אנ־געהויבען צו באַפרוכטען מיט אונזער אַרבייט. די מעלות פון פּאַלעסטינע, ווי אַ טעריטאָ־יע, האָבען מיר שוין פריער באַוויזען: ביי באשטימטע באדינגונגען גיט זי אונז די מעגליכקייט תיכף אנצוהויבען אַ אינטענ־סיווע אגרא־נע און אינדוסט־יעלע קאָלאָניזאַציע. נישט ווייט איז די צייט, ווען פאַלעסטינע זייענדיג אויף'ן וועג וואו עס געהען זיך צונויף דריי טהיילען פון דער וועלט — איראָפּא, אַזיען און אַפריקא — וועט ווערען אַ גרויסע צענטער אין דעם וועלט מסחר. און פּאַלעסטינע קאָנען מיר זיכערער, ווי אומעטום, אָפּהיטען אונזער פּאָליטישע אווטאָנאָמיע און אויך ענטוויקלען אונזער קולטורנעם אינדיווידועלען גייסט. פּאַלעסטינע איז די בעסטע גאַראַנטיע, אַז די איינהייט פון דעם יודישען פּאָלק וואָס איז צווייט און צעשפּרייט קולטורעל ווי עקאָנאָמיש וועט דאָך גאַנץ בלייבען, וואָרום די פּאַלעסטינישע טראַדיציע לעבט דאָך מעהר אָדער ווייניגער אין די הערצער פון אַללע יודען. דער טעריטאראליזמוס וועט אָבער מוזען, באונס אָדער ברצין, טראָגען אַ כאַראַקטער פון אַ פילאַנטראָפּישער אונטערנעהמונג.

וואָס זאָל מען אָבער טהון, וועט מען אונז פרעגען, מיט דער ברענענדיגער פ־אַגע, וואָס איהר לייזונג איז נייטיג תיכף פאַר די גרויסע יודען־מאַסען — מיט דער עמיגראַציאָנס־פראַגע? מיר קאָנען נישט וואַרטען! אויף דעראויף ענטפערען מיר: קיין שום טעריטאריע אין דער וועלט קאָן מיט אַ מאל נישט פע־ענטפערן די דאָזיגע פראַגע.

נאר ווען מיר וועלען קאָנצענטרירען אַלע אונזערע כחות, קאָנען מיר שוין איצט פֿארשטאַרקען די עמיגראַציע נישט אַזוי אין פּאַלעסטינע, ווי אין די ארומיגע לענדער: אין מצרים, אין דער טירקיי, ארום דער באגדאדער אייזענבאַהן, אין קליין־אַזיען. ביי גוטער אַרבייט קאַן מען שוין אין דער נאהענטסטער צוקונפֿט אריבערפֿיהרען אין די דאָזיגע לענדער גאַנץ היבשע מאַסען פֿון אונזערע עמיגראַנטען. און פֿאַר אַלעם מיט דער דאָזיגער אַרבייט מוזען מיר זיך סטאַרען צו באקומען קאָנצעסיעס אין פּאלעסטינע גופא און אויף דעם פּאלוזיען־טהאל.



# שלוס־וואָרט.

---

מיר האָבען זיך באַמיהט צו צערגליעדערן די טעאָרעטישע יסודות פֿון דעם פּועלי־ציוניזמוס און קורץ צו צייכנען דאס פּראָגראַם פֿון זיין פּראַקטישער טעטיגקייט. אַ סך שאלות האָבען מיר קוים באַריהרט און מיר האָבּען, זיך צו זיי אַן אַנדערטמאָל אומצוקעהרען. און מיט אַ סך שאלות האָבען מיר זיך שוין פֿערנומען אין אַנדערע אַרטיקלען. דער הויפּט־תכלית פֿון דער איצטיגער בראָשורע איז, אַרויסצוגעפֿינען די צוויי יסודות פֿון דעם פּועלי־ציוניזמוס: דעם פּאָליטיש־עקאָנאָמישען און דעם נאַציאָנאַל־קולטורעלען. דאַביי האָבען מיר זיך תמיד געשטיצט דאַרויף, אַז מיר קאָנען זיך אונזער וועלטאַנשויאונג נישט איינפֿאַך ביי אנדערע לייהען, נור אַז זי מוז זיין באַגרינדעט אויף געגויע פֿאַקטען פֿון אונזער געשיכטע און פֿון אונזער איצטיגער לאַגע. וואָרען מיר יודען האָבען זיך ענטוויקעלט אויף אַ גאַנץ אַנדערען אופֿן, ווי יעדעס אַנדערע פֿאָלק. ביי אַנדערע קאָנען מיר נור איינציגע שטיינער נעהמען אָבער בויען דאָס נייע געביידע מוזען מיר אַליין. מיר האָבען דאָ נישט געוואָלט דרש׳נען, אַז מיר זיינען אַן׳אתה־בחרתנו־פֿאָלק, מיר האָבען געוואָלט אָנווייזען אויף דער געשיכטע פֿון אונזער פֿאָלק, נור וואָס אפילו קויטסקי איז מודה, אַז זי האָט נישט איהר גלייכען ביי אנדרע פֿעלקער. די באַזונדערע, אונגעוועהנליכע שטעלונג פֿון אונזער פֿאָלק קאָן מען פֿארשטעהען, ווען מען דערמאַנט זיך, אַז אין עקאָנאָמישער באַציעהונג פֿעהלט איהם אַן׳ערד־אַרבייטער־קלאַס און אין נאַציאָנאַלער באַציעהונג אַ טעריטאָריום. די פֿאַקטען, וועלכע מיר האָבען אָנגערופֿען, לאָזען זיך נישט אָבלייקנען, און פֿון דעסטוועגען האָפֿען מיר נישט, אַז מיר וועלען אונזערע געגנער איבערצייגען. נישט דערפֿאַר ווייל זיי זיינען שלעכט אָדער נאַריש, אדער ווייל זיי זיינען שוין גאַנץ אַסימילירטע יודען, נור דערפֿאַר, ווייל קיין שום טעאָריען זיינען נישט בכח צו פֿארניכטען זייער ספק בנוגע צו דער פֿערווירקליכונג פֿון דעם באַזעלער פּראָגראַם. אַ אוטאָפּיע! — דאָס איז דאָס ווידער קול, וועלכעס

ענטפּערט אונז פֿון אַלע נעגנערישע מחנות. דיזער ספק און נישט קיין שום טעאָריעס זיינען געווען די הייפּט־סיבה דערפֿון, וואָס דער טעריטאָריאַליזמוס האָט זיך באוויעזען. און דערפֿאַר וואָלטען מיר אונזער אויפֿגאַבע באטראַכט פֿאַר אַ אונפּערטינע, נישט־געענדיגטע, ווען מיר וואָלטען נישט קאנען אָנווייזען אויף אַ מעכטיג מיטעל פֿון אונזער פּועלי־ציוניסטישער פּראפּאגאַנדא. מיר מיינען די ווירקליכע, רעאַלע אַרבייט אין ארץ־ישראל. יא, אמת, מיר מוזען צווישען די גלייכגילטיגע מאַסען פֿון דעם יודישען פּראָלעטאַריאַט אריינטראָגען און פֿארשפּרייטען קענטנים און דאס פֿערשטעהען פֿון אונזער פֿערגאַנגענהייט און פֿון אונזער היינטיגען מצב. מיר מוזען אין די מאַסען וועקען דאס באוואוסט־זיין פֿון זייערע קלאַסען־אינטערעסען און תמיד אנווייזען דארויף אַז דער פּועלי־ציוניזמוס איז דאס איינציגע מיטעל כדי צו פֿארענטפֿערן די יודענפֿראַגע אויך פֿון דעם פּראָלעטאַרישען שטאַנדפּונקט. אָבער דער מינדסטער ערפֿאָלג אין ארץ־ישראל איז דאס שטאַרקסטע פּראפּאגאַנדאמיטעל, וועלכעס וועקט פּלוצלינג דאָס באוואוסטזיין פֿון דעם המון. קיין שום געזעלשאַפֿטליכע באוועגונג לעבט נישט פֿון דעם פֿאָרגעשטעלטען עתיד אַליין. דער סאָציאַליזמוס ענטוויקעלט זיך נישט דורך דעם עתיד, וועלכען ער זאָגט צו, נור דורך דער געגענוואַרט.

אָבער אונזער משונה׳דיגע לאַגע צווינגט אונז נישט אָבצולעגען דעם עתיד אויף שפּעטער, נור איהם באַלד צו מאַכען פֿאַר אַ געגענוואַרט. דאריבער איז עס איינער פֿון די וויכטיגסטע חובות פֿון דעם פּועלי־ציוניזם זיך צו פֿאראייניגען און צו ווערען אַ שטאַרקע אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָל הויך דער אַרבייט אין גלות אויך נעהמען אין איהר האַנד די אַרבייט אין ארץ־ישראל. די טעאָריען פֿון דעם פּועלי־ציוניזממוס שטעהען אויף דעם וויסענשאַפֿטליכען שטאַנדפּונקט פֿון עוואָלוציע, פֿון ענטוויקלונג. אויף דעם איינציגען שטאַנדפּונקט מוז ער אויך שטעהען בנוגע צו זיין נאַנצער פּראַקטישער טעטיגקייט בכלל און בנוגע צו דער אַרבייט אין ארץ־ישראל בפרט. עס איז געווען אַ מאָל אַ צייט, אין וועלכער די מענשען האָבען געמיינט, אַז דער סאָציאַליזמוס וועט פֿארווירקליכט ווערען אין איין איינציגען טאָג. עס איז אויך געווען אַ מאל אַ צייט, אין וועלכער מען האט געמיינט, אַז דער באַזעלער פּראָגראַם וועט אין איין טאָג דורכגעפֿיהרט ווערען. די צייט פֿון דעם אוטאָפּישען סאָציאַליזמוס איז שוין אַוועק, די צייט פֿון דעם אוטאָפּישען ציוניזמוס נעהט איצט אַוועק. איצט ווייסען מיר, אַז דער סאָציאַליזמ׳ס

קאָן זיך פֿארווירקליכען נור אויף דעם וועג פֿון ענטוויקלונג. מיר מוזע איך אָנהויבען צו פֿארשטעהען, אַז די פֿארווירקליכונג פֿון דעם באַזעלער פראָגראַם קאָן נור זיין דער סיף פֿון אַ לאנגיעהריגער אַרבייט, אין וועלכער דער יודישער פראָלעטאַריאַט קאָן און מוז שפּיעלען די הויפּטראָליע. דערפֿאר איז אונזער ערשטער רוף: „יודישע פראָלעטאַריער פֿון אַלע לענדער פֿאראייניגט אייך אונטער דער פֿאָהן פֿון פּועלי־ציון!“ אָבער אונז האָט דער ציוניזמוס אָנגעוויעזען נור דאָס ענדמיטעל, וועלכעס וועט אונז געבען די מעגליכקייט, גאַנץ נאָרמאַל טיילצונעהמען אין קאַמפּף פֿון דעם אינטערנאַציאָנאַלען פּראָלעטאַריאַט פֿיר דער פֿארווירקליכונג פֿון דעם סאָציאַליסטישען אידעאל. דערפֿאר איז אונזער צווייטער רוף:

„פראָלעטאַריער אַללער פֿעלקער, פֿאראייניגט אייך!“ —







